דבורה דיין

# אין גליק און אין טרויער




הוצאת „מסדה״ בע״מ, תל־אביב, תשכ״א

# אינהאַלט:

# ד ב ו ר ה   ד י י ן

(שטריכן צו איר ביאָגראַפיע)

דבורה זעטאָלאָווסקאַיאַ־דיין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין אוקרייאינע, אין דאָרף פּראָכאָראָווקע, פּאָלטאַווער גובערניע. א גרויס דאָרף, אין וועלכן עס האָבן געלעבט אייניקע יידישע משפחות.

אין סאַמע עק פון דאָרף, ביים ברעג פון שטורעמדיקן דניעפּער, איז געשטאַנען דאָס גערוימע הויז פון די זעטאָלאָווסקיס. דער פאָטער יחיאל־זאב, א זון פון הרב עמנואל בר־אוריין, האָט געהאַט א נייגונג צו ליטעראַטור, פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט קלענערע ארבעטן אין „המליץ", „הצופה", אונטערן נאָמען יז"ז (יחיאל זאב זעטאָלאָווסקי), און האָט אויך מיטגעאַרבעט אין קיעווער „קיעווסקי סטאַרינאַ". ער איז אויך געווען דער מחבר פון בוך „די געשיכטע פון יידן אין די צייטן פון כמיעלניצקי".

אליין א ייד א סוחר, וועמענס געהילץ עס שווימט איבערן דניעפּער צו די מרחקים, האָט ער געפונען געניג צייט און אינטערעס פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע ענינים, וואָס האָבן געהאַט א שייכות צו חבת־ציון.

פון דער מוטער מאשא (מרים), האָט דבורה גערירשנט די באַשיידנ־קייט און גוטמוטיקייט. אלס קינד האָט זי אָנגעהויבן באַזוכן די דאָרפישע פאָלקס־שול. אין דער היים איז געווען א מלמד א ישיבה־בחור, וועלכער האָט געלערנט מיט די קינדער יידישקייט. אָבער

דבורה איז געווען ווייט דערפון. ס'איז שווער געווען איר אונטער־צושיידן פון אלע אוקרייאינישע קינדער אירס גלייכן. ביי דער שיינער לאנדשאפט פון ברייט־צעפלאָסענעם דניעפּער האָט זי געזונגען מיט אירע חברטעס די האַרציקע אוקרייאינישע לידער און זי איז געווען א דאָרפס־מיידל גלייך מיט זיי. צו אכט יאָר גייט זי אריבער לערנען אין קרעמענטשוג. דאָרט ענדיקט זי די גימנאזיע און זעצט פאָר דערנאָך לערנען אין קיעווער אוניווערזיטעט אויפן פּעדאגאָגישן פאקולטעט.ביים אויסברוך פון באלקאנישן קריג גייט זי אוועק פריי־וויליק אלס קראנקן־שוועסטער אין א מיליטערישן שפּיטאָל, דערגייט ביז סאָפיע, די הויפּט־שטאָט פון בולגאריע, און קערט זיך דערנאָך אום, ענדיקן איר שטודיום, קיין רוסלאנד.

* *
*

זי איז געבענטשט געווען מיט א גרויס ווארעם הארץ. זי האָט ליב געהאט דאָס רוסישע פאָלק, צווישן וועלכן זי איז אויסגעוואקסן, און געשעפּט פון זיינע קולטור־אוצרות. טאָלסטאָי האָט זי ממש פאר־געטערט. זי האָט וועגן אים געשריבן:

„גרופּנווייז און יחידים האָבן געלערנט די לערע פון טאָלסטאָי, דעם־קינסטלער־פילאָזאָף און גרויסן מאָראליסט. אין אונדזערע אויגן איז ער געווען געגליכן ווי א געבונדענער משיח אין קייטן. און ווען ער האָט פארלאָזן זיין פאמיליע און זיין היים אין איינער א פינצטערער נאכט, איז עס אונדז געווען זייער פארשטענדלעך: דער גרויסער נביא האָט זיך אָפּגעזונדערט אין מדבר און אים האָבן אויף זיין וועג באגלייט טויזנטער אויגן. און ווען ער וואָלט דאָרט דערגאנגען, וואָלט דער מדבר זיך פארוואנדלט אין א בליענדיקן גאָרטן...“

אין טיפן טרויער שרייבט זי וועגן טאָלסטאָיס טויט:

„מיטן פרימאָרגן זענען מיר אָנגעקומען צו דער סטאַנציע, נאָענט צו יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ. דאָרט, צווישן וואלד פון בזשאָזע ביימער, האָבן מיר געטראָפן אַ פּראָצעסיע פון טויזנטער מענטשן. איך צווייפל צי ביים זינגען די מאַרסעליעזע אויף די באַריקאַדן האָט געהערשט אַזאַ פייערלעכקייט און האָט גע־אָטעמט מיט אַזאַ אינערלעכער קראַפט, ווי אין דער דאָזיקער שטילער פּראָצעסיע מיט די בלומען־קרענץ אין די הענט.”

פאַרטאָג האָב איך שפּאַצירט מיט אַ חברטע פון דער קאָמונע אין גאָרטן, נישט ווייט פון קבר. שווערע שניי־פּלאַטעס זענען געפאַלן אויף דער ערד. אין דער דאָרפישער שטילקייט האָט זיך געהערט דער זינגענדיקער קול פון דער „באַוויינערין” אויפן קבר. פּלוצלונג, צווישן די באַשנייטע ביימער, האָב איך דערזען אַ פרויען־געשטאַלט איינגעהילט אין שוואַרצן. — דאָס איז סעגאַטאָראַ קוזמינסקאַיאַ, — האָט מיר מיין חברטע אַ זאָג געטאָן. ווי זאָל איך עס איבערגעבן? דאָ צווישן די דאָזיקע ביימער, האָב איך געזען פּנים אל פּנים טאָלסטאָיס נאַטאַשאַ! אין לעבן פון יעדן מענטש איז זיכער דאָ אַ מאָמענט, ווען ער וויל אויסרופן צו דער זון: בלייב שטיין! אַזאַ מאָמענט איז דעמלט געווען ביי מיר.”

זי, וואָס אין איר גאַנצן וועזן איז זי געווען אַ טרייע אָנהענגערין פון טאָלסטאָי, איז לויט זיין באַוווּסטע לערע „געגאַנגען אין פאָלק”, ווי די מערהייט רוסישע אינטעליגענץ פון יענער צייט. איר אינער־לעכער און אויסערלעכער צויבער האָבן זי געמאַכט באַליבט ביי די פאָלקס־מאַסן, ווענען זי האָט אויפגעוועקט איר גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט. זיך אָנטרעפנדיק פּנים אל פּנים מיט דער מענטשלעכער

נויט, ספעציעל מיט די פארוואָרלאָזטע גאסן־קינדער, האָט זיך אין איר דערוועקט דאָס געפיל פאר ליטעראַרישן אויסדריקן זיך, און גאָר יונג האָט זי אָנגעהויבן שרייבן. צו יענער צייט האָט זי אָנגעשריבן די דערציילונגען: „וואָווקע" און „שוריק זנאגאָן".

* *
*

אין יאָר 1913 איז זי עולה קיין ארץ־ישראל. דער דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט איר ווי אויפגעעפנט די אויגן און זי האָט דערזען, אז זי געפינט זיך אין א פרעמדער וועלט. די בריוו פון פריינט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ארץ־ישראל, האָבן אָנגעצונדן איר פאַנטאַזיע. אין פרילינג פון זעלבן יאָר האָט די יונגע דבורה געשטעלט איר ערשטן טראָט אין דער קבוצה דגניה. שפּעטער באשרייבט זי אירע ערשטע טעג אין דגניה:

„איך בין אָנגעקומען אין א אומבאַקאַנט לאַנד, און שטעלנדיק מיינע ערשטע טריט אין מיין אייגן פאָטערלאַנד, האָב איך נישט געוווּסט ווו איין און ווו אויס. אָבער שפּעטער אביסל האָב איך שוין געקאָנט שרייבן צו מיינע פריינט אין רוסלאַנד, אז איך בין גליקלעך. איך געהער צו א גרויסער משפחה פון אַרבעטנדיקע מענטשן. מיינע חברים זייען און שניידן תבואה, די מיל מאָלט די קערנער אויף מעל, דערנאָך באַקט איך פון דעם מעל ברויט פאר מיינע חברים. איז עס נישט וווּנדערלעך?"

אירע ערשטע טעג אין דגניה זענען נישט געווען קיין לייכטע. זי האָט זיך געפילט אין דער קבוצה ווי א פרעמדע. נישט קאָנענדיק קיין עברית און אויך קיין יידיש, האָט זי פשוט נישט געהאַט מיט די חברים קיין געמיינזאַמע שפּראַך. נאָך אכט יאָר זיין אין דגניה, איז דבורה דיין אוועק קיין סעדזשערא, מיטן מיין זיך צו לערנען

ביים באַוווּסטן לערער יאכנאָוויטש (יכנאי). אין א בריוו אַהיים שרייבט זי וועגן איר שווערער אַקלימאַטיזאַציע אין דגניה:

„כ'בין געקומען צו די חברים און געזאָגט: איך האָב געהערט צו אַן אַנדער לאַגער, מעגלעך אפילו — א פּיינטלעכן. אָבער דאָרט האָב איך נישט געפונען דעם אמת. בין איך געקומען צו אייך. אָבער מען האָט מיר אָפּגעענטפערט: דו ביזט אונדז פאָרט א פרעמדע...״

נישט געפינענדיק קיין גייסטיקן אָנשפּאַר אין לאַנד, האָט זי זיך אויסגעלעבט אין לייענען די רוסישע שיינע ליטעראַטור. צוזאַמען מיט יעווגעניאַ יאכנאָוויטש, די קריסטלעכע רוסישע פרוי פון לערער יאכנאָוויטש, האָט זי געגרינדעט דעם „קלוב פאַר די אונטערדריקטע און באַעוולטע״. ערשט שפּעטער, עטלעכע יאָר נאָך טאָלסטאָיס טויט, טרעפט זי אין לאַנד א. ד. גאָרדאָן, אין וועלכן זי האָט, אין א געוויסער מאָס געזען איר פאַרשטאָרבענעם גייסטיקן לערער טאָלסטאָי. א. ד. גאָרדאָן איז עס געווען דער, וועלכער האָט דער יונגער דבורה געהאָלפן דערקענען איר פאָלק אין זיין אייגן לאַנד.

* *

*

גרויס און אומגעוויינטלעך איז זי אויך געווען אין איר ליבע. אין איר אָרעם צימערל אין דער אַלטער אַראַבישער וווינונג אין סעדזשערא, זינגט אויס איר האַרץ די סאַמע וווּנדערבאַרסטע ליבע־לידער וועגן איר אויסדערוויילטן, וועלכער וועט קומען צו איר „צעפּליען״ פון דגניה. דעמלט ווערט איר קליין אָרעם צימערל אויסגעפילט מיט א גרויס ליכט, מיט דער ליכט פון פאַרליבט האַרץ, וועלכע בענקט און דערוואַרט איר געליבטן.

דעמלט זינגט זי:

...„איך גיי ארום און אלץ אין מיר זינגט: ס׳איז מיר גוט. ער איז געוועזן און אוועק. אָבער ער וועט קומען צוריק! איך בין נישט איינזאַם!"

...„פאַרוואָס איז מיר היינט אַזוי גוט? איך ווייס נישט מיט וועלכן וועג די פרייד האָט צו מיר געטראָפן. פונקט אַזוי וועל איך, נאָכדעם, נישט וויסן, דורך וועלכן וועג עס האָט זיך פאַרגנב׳עט צו מיר דער טרויער..."

און ווען זי איז נישט אָנגענומען געוואָרן אַלס חברה אין דגניה, שרייבט זי:

„איך וועל אוועק אין שול. איך וועל אָבסערווירן און דער־לערנען דעם כאַראַקטער פון יידישן קינד. שוין לאַנג האָב איך געטראַכט עפּעס אָנצושרייבן וועגן אונדזערע קינדער."

„ווי שלעכט עס איז, מיין טייערער, וואָס איך דאַרף שרייבן צו דיר רוסיש. עס איז מיר אומעטיק אָן דיר. ערב שבת האָב איך אָנגעטאָן מיין שבתדיקע קלייד, זיך אָנגעשפּיגלט און געזען: עס איז שיין! אָבער פּלוצלונג האָב איך אַ טראַכט געטאָן: צו וואָס דאַרף איך עס אַלץ? ער איז דאָך נישטאָ! דערדאָזיקער געדאַנק באַגלייט מיך אויף שריט און טריט. איך רעד, לאַך און טאַנץ אפילו, אָבער כ׳פיל אַז עס פעלט מיר עפּעס. כ׳בלאָנדזשע אום ווי אַ שעפּס, וועלכער איז פאַר־שטויסן געוואָרן פון זיין סטאַדע..."

צו יענער צייט האָט זי פיל געטראַכט וועגן זיך, און וועגן בייעם לעבן וואָס שטייט איר פאָר. אין איר בריוו צו איר געליבטן באַקלאָגט זי זיך:

„ווען דו ווייסט ווי שווער מיר איז, וואָס איך געפין זיך, צום ערשטן מאָל, אין אַזאַ מין לאַגע. איך האָב נישט בדעה דאָ

צו פילאָזאָפירן, און איך גרייט זיך אויך נישט אָנצוהויבן מיין לעבן אויפן יסוד פון וועלכע ס׳איז נייע באגריפן און ווערטן. אָבער כ׳מיין, אז יעדע פרוי וואָלט זיך געפילט געטראָפן, ווען מען זעט אין איר נאָר די פרוי און נישט די פערזענלעכ־קייט. ווייזט אויס אָבער, אז אזוי פירט זיך שוין די וועלט. דעריבער ווייזט אויס, דארף זיך יעדע פרוי פירן באשיידן, באשיידן ביז גרענעצלאָזיקייט. איך פון מיין זייט שעץ זייער שטארק די באשיידנקייט אין דער פרוי און פארהייליק איר ריינקייט. נישט וויסנדיק פארוואָס לייד איך, ווען איך דערפיל ביי א מאן זיין קערפערלעכן דראנג. ווייל דעמלט — צוואָס דארף ער מיין נשמה?...״

*　　*

*

אין יענער צייט — די צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט זי דורכגעמאכט פארשידענע ערנסטע קראנקהייטן, ספעציעל איר אויגן־קראנקהייט, די בראָנכיט־קראנקהייט און די כראָנישע מאלאריע־אָנפאלן, — וואָס האָבן פולשטענדיק אויסגעזויגן אירע כוחות. עס איז נויטיק געווען פאר איר א באלדיקער אָפרו און בייטן דעם קלימאט. אין יאנואר 1914 פאָרט זי צו אירע עלטערן אין רוסלאנד אויף דערהאָלונג. אין גרויס בענקשאפט שרייבט זי דאן צו איר געליבטן:

„נאכט. מיינע עלטערן שלאָפן שוין. איך זיץ אין דערנעבנדיקן צימער, מיין פאָטערס ארבעטס־קאבינעט, און טראכט וועגן דיר. באלד ביי מיין אָנקומען האָט דער טעלעפאָן אָנגעהויבן צו קלינגען. אלע פרעגן אויף מיר. נישט קיין ווונדער: אויף זייערע אויגן בין איך אויסגעוואקסן, זיך פארוואנדלט פון

ראָסיא אויף וויערא, דערנאָך וויעראַ מיכאַילאָוונא און איצט — דבורה, אַן אַרבעטערין פון ארץ־ישראל״.

אין אויגוסט 1914 קומט זי צוריק אין לאַנד, און סוף זומער האָט זי חתונה און ווערט די פרוי פון שמואל דיין.

ביסלעכווייז האָט זי ליב געקראָגן דגניה און אירע חברים. אויך די חברים האָבן זי ליב באַקומען פאַר איר פשטות, אין וועלכע עס האָט זיך געפילט א הויכע אינטעליגענץ. מען האָט איר שוין נישט פאָרגעוואָרפן אַז זי איז א „שוואַכע אַרבעטערין״, „אַן אינטעלי־גענטקע״, און אַלע האָבן זיך באַצויגן צו איר מיט רעספּעקט און ליבע.

אין מאַי 1915 ווערט ביי איר געבוירן איר זון משה, וועמענס דערציונג עס איז איר אָנגעקומען זייער שווער, צוליב די שווערע מלחמה־יאָרן. זי ווערט פאַרצווייפלט, ביזן פאַרלירן דעם באַוווּסטזיין, ווען דאָס קינד משה ווערט שווער קראַנק אויף א לונגען־אָנצינדונג, און דער דאָקטאָר גיט שוואַכע האָפנונגען. אָבער די מאַמע, וועלכע האָט איר גאַנצע ליבע אָפּגעגעבן איר קינד, רייסט אים פּשוט אַרויס פון די נעגל פון טויט. א גאַנצע נאַכט און א האַלבן טאָג טראָגט זי איר קינד אויף די הענט, אין דער צעגליטער היץ, שפּאַנענ־דיק א פאַרחלשטע צום אויבערשטן גליל, כדי דאָס קראַנקע קינד זאָל קאָנען אָטעמען מיט פרישע, קילע לופט.

מיט גרויס מוטיקייט און שטאָלץ האָט זי איבערגעלעבט די באַרימטע „גרויל־נאַכט פון חסן־בעק״. די מענער פון דגניה זענען אַרעסטירט און געפּייניקט געוואָרן דורך חסן־בעק׳ס סאָלדאַטן. דבורה זיצט צוקאָפּנס פון דער שטאַרבנדיקער חברטע פרומע, וועלכע איז קראַנק געוואָרן אויף כאָלערע. מיט די פרויען אין צימער געפינט זיך אויך דער קראַנקער ישראל בלאָך, וועלכער איז קראַנק אויף

טיפוס און גליט אין הויכן פיבער. ארום הערט זיך דער פארצווייפל־טער געשריי פון די געפייניקטע חברים. דבורה בלייבט רואיק, פארנארט די זעלנער אויף א פעטן אַנבייסן, און באווייזט צו פאר־ניכטן וויכטיקע דאָקומענטן און אלאַרמירן דעם ישוב נאָך הילף פאר די ארעסטירטע און געפייניקטע.

* *

*

אירע פערזענלעכע ענינים האָט זי קיינמאָל נישט געזען ווי זאכן, וועלכע האָבן א שייכות נאָר צו איר אליין. ווען עס איז אויפגעשווומען פאר איר א פראָבלעם, אפילו א משפחה־פּראָבלעם, פאר וועלכן זי האָט געזוכט א לייזונג, האָט זי גלייכצייטיק געזוכט די לייזונג פון זעלבן פראָבלעם פארן כלל. נאָכן געבוירן פון איר זון משה, ווען עס האָט זיך געשטעלט די פראגע פון זיין דערציונג, איז דבורה דיין געווען די ערשטע, וועלכע האָט פאָרגעשלאָגן איינצופירן אין דער קבוצה די אלגעמיינע און שותפותדיקע דערציונג פון קינדער אין דער קבוצה. אין פראָטאָקאָל פון דער קבוצה אין דגניה, פון יאָר 1916 ווערט געזאָגט:

דבורה זעטאָלאָווסקי־דיין:

„דאָס פראָבלעם פון שותפותדיקער דערציונג פון אונדזערע קינדער איז מעגלעך און אפילו נויטיק. נאָר עס דארף געמאכט ווערן אין א פאסיקע פאָרם. פריער פאר אלץ דארף מען זען געפינען א פאסיקן מענטש דערצו, ווייל נישט יעדן קאָן מען אָנפארטרויען אזא פאראנטוואָרטלעכע אויפגאבע. צווייטנס, דארף מען פעסטשטעלן די צייט, וויפל דארף זיך די מוטער פארנעמען מיט איר קינד, און ווען קאָן מען עס איבערגעבן דער דערציערין. לויט מיין מיינונג דארף זיך די מוטער פאר־

נעמען מיט איר קינד נישט ווינציקער ווי א יאָר. איך שלאָג פאָר מען זאָל צו דעם צוועק אנגאזשירן א פרוי אויסער דער קבוצה, זי וועט זיין צו איר ארבעט מער איבערגעגעבן. ביי אונדז זע איך נישט קיין פאסיקע קאנדידאטין דערצו אויך צוליב אונדזער נישט קאָנען קיין עברית...

* *

*

נאָכן קומען פון די ענגלענדער קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך פאר דער קבוצה אין דגניה געעפנט ברייטע האָריזאָנטן. עס איז שוין נישט מעגלעך געווען זיך איינצושליסן אין די ענגע דל״ת אמות פון דגניה. פאר דער קבוצה איז געשטאנען די פראגע פון כיבוש הארץ, און די אָנגענומענע קבוצה־ראמען זענען געוואָרן צו ענג. דעמלט ווערט דבורה פארכאפט פון געדאנק צו אָרגאניזירן די ארבעטער־פרוי אין לאנד, און קעמפן פאר איר גלייכבארעכטיקונג.

אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון ארבעטער־פרויען אין שרונה, אין יאָר 1918, טרעט דבורה ארויס ווי א מוטיקע פארטיידיקערין פון דער ארבעטער־פרוי און איר אָרט אין דער ארבעטער־געזעלשאפט. ווי אזעלכע, האָט זי שוין נישט געזען ווייטער קיין מעגלעכקייט פאר זיך זיך אומצוקערן אין דער אָפגעשלאָסענער קבוצה אין דגניה. און דאָ הויבט זיך אָן פאר דבורה א יאָר פון וואָגלענישן פון אָרט צו אָרט, ביי שאָסיי־ארבעטן, אויף דער שטרעקע חיפה—ג׳דה.

אין יאָר 1919, נאָכדעם ווי די ענגלענדער פארנעמען ארץ־ישראל, האָט זיך געעפנט א מעגלעכקייט פאר א נייער עליה. עס זענען אָנגעקומען 6 (זעקס...) נייע עולים קיין דגניה, און עס איז נישט געווען ביי וואָס זיי איינצואָרדנען. דערנאָך זענען געקומען נאָך 105 און די לאגע איז געוואָרן נאָך שווערער און ערנסטער. דעמלט איז

באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן די צווייטע קבוצה — דגניה ב׳. איינע פון די גרינדער פון דער נייער קבוצה איז געווען דבורה דיין.

צו יענער צייט גרינדעט דבורה דיין, צוזאמען מיט חברים, דעם ערשטן מושב עובדים אין לאנד — מהלול (נהלל). טראָץ איר דעמל־טיקן שוואכן געזונט־צושטאנד, ווארפט זי זיך מיט לייב און לעבן אין געזעלשאפטלעכער ארבעט, כדי צו העלפן שטעלן אויף די פיס דעמ־דאָזיקן נייעם ישוב.

אין ווינטער 1921 זענען די פרויען און די קינדער, צוליב זיכער־הייטס־טעמים, איבערגעפירט געוואָרן קיין נצרת. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער באלפור־דעקלאראציע. די אראבער האָבן דאן אָנגענומען א דראָענדיקע שטעלונג לגבי דעם ישוב. דבורה בלייבט אין נהלל. זי וויל נישט פארלאָזן דעם פלאץ. זי בעט נאָר: „אויב עס איז מעגלעך, מען זאָל צושיקן א ביסל שטיין־קוילן, קארטאָפל און א זעקל ווייסן מעל...״ צום קליינעם זון, משה, וועלכער געפינט זיך אין נצרת, שרייבט זי: „בלייב, מיין זון, אין נצרת. אינגיכן וועלן מיר אלע זיין צוזאמען אין נהלל. אין פעלד האָב איך געזען זייער פיל נארציזן, און די בערג זענען פול מיט רויטע פעלד־בלומען...״

אין יאָר 1922 ווערט דבורה דיין אויסגעקליבן אין ערשטן יידישן דאָרפס־ראט אין מהלול (נהלל). זי איז דאן געווען זייער אקטיוו, סיי אין געזעלשאפטלעכע ענינים, סיי אויפן געביט פון קולטור און דער־ציונג. צו יענער צייט איז נהלל געוואָרן דער שטאָלץ פון דער ציוניסטישער באוועגונג. ווייצמאן האָט געזען נהלל ווי זיין היים. אויך ביאליק און אנדערע פערזענלעכקייטן האָבן זיך געגרויסט מיט נהלל. צו יענער צייט זענען אָנגעקומען טוריסטן פון ראטנפארבאנד קיין נהלל, און דבורה דיין האָט זיי, אין איר פרעכטיקן רוסיש, דערציילט די וואונדערלעכע געשיכטע פון יידישן ישוב, פון זיין גע־ראנגל צו באשאפן א לעבן אויף חורבות און וויסטענישן.

זי האָט געפונען צייט פאר אַלץ. לעבענדיק דאָס שווערע מיזאמע לעבן פון א פויערטע, אין טיפער זאָרג פאר אירע דריי קינדער און אירע עלטערן, וועלכע זענען צו איר געקומען נאָך די אומרוען אין די רעוואָלוציע־יאָרן, האָט זי נאָך געפונען גענוג צייט פאר געזעל־שאפטלעכער ארבעט. איר הויז, דער אָרעמער, האלב־איינגעפאלענער צריף, האָט געדינט ווי א צונויפקום־אָרט פאר שרייבער און מענטשן פון גייסט, וועלכע האָבן זי שטענדיק באזוכט.

חוץ איר דערציילונג „וואָווקא״, וועלכע זי האָט אָנגעשריבן נאָך אין רוסלאנד, האָט זי אין לאנד אָנגעשריבן א גרעסערע דערציילונג מיטן נאָמען: „מיין אָנקום״. געשריבן האָט זי די דערציילונג אין רוסיש. שפעטער איז עס איבערזעצט געוואָרן אויף עברית דורך דער דיכטערין רחל (בלאָוושטיין). זי האָט אויך געשריבן אָפּהאנדלונגען וועגן טעאטער און טעאטער־פּראָבלעמען. א ספּעציעל אָרט אין איר שאפן פארנעמט די רעוואָלוציע־טעמאטיק, אין וועלכע זי באשרייבט די רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917.

אירע אייגענע פיזישע ליידן פלעגט זי פארהוילן פאר באקאנטע און פריינט. די דאָזיקע ליידן אירע זענען נאָר געקומען צום אויסדרוק אין איר ליטעראַרישן שאפן. אזוי האָט זי אין איר דערציילונג: „מאדאם קירי״, געשילדערט אירע פּערזענלעכע טראגעדיע, איר דורכ־געמאכטע אָפּעראַציע אין ירושלים. אָן דעם וויסן פון דער פאמיליע איז זי ארויף אויפן אָפּעראַציע־טיש אין ראדיום־אינסטיטוט אין ירו־שלים, ווו דער פּראָפעסאָר האלבערשטאַטער האָט זי אָפּערירט די ליפּ, כדי נישט צו דערלאָזן די ראק־קראנקהייט זיך ווייטער פאר־שפרייטן איבערן גוף.

אכט יאָר נהלל, נאָך די אכט שווערע יאָרן אין דגניה, נעמט צו פון איר דאָס געזונט. מען שלאָגט איר פאָר אריבער אויף א געוויסער

צייט קיין תל־אביב, און זיך פאַרנעמען בלויז מיט ליטעראַרישער טעטיקייט. זי בלייבט אָבער אין נהלל. צופיל איז זי איבערגעגעבן אירע דריי קינדער און דעם משק, זי זאָל עס קאָנען פאַרלאָזן.

* *

*

„זאָל נאָר אַריבער די שלעכטע צייט, וועלן מיר וויסן ווי אָפּצוהיטן די פרוכט פון אונדזער מי פון פאַרניכטונג. אַ שטראָם פון פריש בלוט וועט צו אונדז אַ פלייץ טאָן, עס וועלן זיך אַ עפן טאָן די גרענעצן און ווידער וועלן מיר דערהערן דאָס האַרץ־קלאַפּן פון גאַנצן פאָלק."

מיט פולער, געזונטער פרייד האָט זי אויסגעפּילט איר פּערזענלעך פאַמיליע־לעבן. איר גאַנצן לעבן האָט זי אויסגעפּילט מיט ליבע צו איר געליבטן מאַן, צו די קינדער, און צו איר פאָלק און לאַנד. דער איבערגאַנג פון דער פריערדיקער פאַרפרעמדקייט צום דערקענען איר אייגן פאָלק איז איר געוואָרן זייער טייער. דאָ האָט זי זיך דערפילט, ווי אַ ניי־געבוירן קינד, וועלכער דערזעט צום ערשטן מאָל זיין היים און זיין פאָטערלאַנד. די פאַרגאַנגענהייט איז פון איר פאַרשווונדן ווי אַ ווייטער נעפּל. עס איז שוין נישט געווען מער די בענקשאַפט נאָכן וויטן קבר פון אוקראַינישן פאָעט שעווטשענקאָ. דאָס געפיל פון אַן אייגן פאָטערלאַנד האָט איר געגעבן — דער ערשטער קבר אין דגניה. ווען זי קומט צוגאַסט אין דגניה, ווענדעט זי איר בליק אין דער ריכטונג צום בית־עולם און זעט:

„...די לבנה שווימט אום צווישן די וואָלקנס. איר געשטאַלט טונקט זיך אין וואַסער און איר פאָרם ווערט דאָרט צעבראָכן. דאָס גיסט אויס די לבנה איר ליכט אויף אַ וועלט וואָס איז

פארגאנגען אין א אייביקן שווייגן, אויף לעבנס, וועלכע זענען פריצייטיק איבערגעריסן געוואָרן. מיין הארץ ווערט צעריסן פון ווייטיק. אָבער מאָדנע: עפּעס א מאָדנער זיסער געפיל מישט זיך אויס מיט מיין ווייטיק. וואָס קאָן עס באטייטן? אָבער אין א מינוט ארום פארשטיי איך עס: דאָס איז דער געפיל פון פאָטערלאנד! און איך האָב געמיינט, אז מיר פארמאָגן נאָר דעם באוווסטזיין פון א פאָטערלאנד. אבער ניין! דאָ האָבן מיר זיך דערוואָרבן אויך דאָס געפיל פאר א פאָטערלאנד!

און ביי איר גאנצער געזעלשאפטלעכער אקטיוויטעט, ביי איר איבער־געבנקייט פאר די זאָרגן פון כלל, האָט זי קיינמאָל נישט פארגעסן איר היים, אויף וועלכע זי איז געווען שטאָלץ. זי געפינט פאר נויטיק צו פארצייכענען:

„אין אומדערמידלעכער ארבעט איז אויפגעשטעלט געוואָרן א ווירטשאפט מיט אן אייגענעם שטייגער־לעבן. און אין די דאָזיקע אלע יאָרן האָב איך אויף קיין איין מאָמענט נישט פארגעסן, אז איך בין א פרוי און א מוטער...״

זי האָט געמאָלקן די קי און פארטאָג געטראָגן צום פּונקט די מילך. געפלאנצט ביימער און געזייט גרינצייג. געהאָדעוועט הינער און געפּאשעט גענדז, געלאטעט דאָס אָנטאָן פאר דער משפחה און געוואשן וועש אויפן אָנגעהייצטן קעסל אין דרויסן, געבאקן ברויט און זיך פארנומען מיט אלטע טאטע־מאמע, וועלכע זענען געקומען צו איר פאראָרעמטע פון רוסלאנד, אין די אומרואיקע יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס אלץ האָט באוויזן די שיינע געוועזענע סטודענטקע וויערא־וויערוסיא זעטאָלאָווסקאיא, די איצטיקע פויערטע פון נהלל. פון וואנען האָט זיך גענומען כוח פאר דעם אלעם ביי דערדאָזיקער פרוי?

ווייזט אויס אז איר גייסטיקע פולקאָמענהייט האָט איר אין דעם

בייגעשטאַנען, זי זאָל דאָס קאָנען אַלץ באַווייזן און אַלץ אַריבער־טראָגן מיט פרייד. איר פרישער און וואַכזאַמער געדאַנק האָט איר געהאָלפן איבערוויינדן די אַלע פיזישע שוועריקייטן, אויפהאַלטן איר גייסטיקע פרישקייט, און איר גרויסן אינטערעס צו מענטשן און סביבה. אין די נעכט פלעגט זי אויפשטיין פון געלעגער, און זיך איינוויקלען אין דער מאַמעס וואָלענע פאַטשיילע, פלעגט זי זיך אַוועקזעצן ביי אַ נאַפט־לעמפּל אין צעבראָכענעם צריף, און שרייבן וועגן די אַלע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן איר אינטערעסירט.

אַזאַ איז זי געווען אין אירע מיטעלע רייפע יאָרן, און אַזאַ איז זי פאַרבליבן ביז די לעצטע טעג פון איר רייכער טעטיקייט. זי האָט געקאָנט איבערוויינדן אירע פּערזענלעכע ליידן און איר פּערזענלעכע טראַגעדיע, און זיך אינגאַנצן איבערגעבן די אַרבעט פאַרן כלל. נאָך דעם באַפרייאונגס־קריג — און זי איז שוין דאַן נישט קיין יונגע — לאָזט זי זיך, צוזאַמען מיט נאָך חברטעס, איבער די נייע עולים־ישובים, זי לאָזט זיך צום פאָלק אים לערנען די תורה פון פירן אַ פויערים־ווירטשאַפט. און ביז וואַנען דאָס דאַרף האָט זיך נישט געשטעלט אויף די פיס, די מענטשן האָבן זיך נישט אויסגעלערנט זייען און שניידן, מעלקן און האָדעווען, פירן די הויז־ווירטשאַפט און אָפּהיטן די כללים פון מאָדערנער סאַניטאַציע, האָט דבורה נישט פאַרלאָזט דאָס דאָרף. אין אַלע דערפער וווּ זי איז געקומען טאָן איר געבענטשטע אַרבעט, אין נגב, אין די בערג פון ירושלים, ביי דער גרענעץ פון לבנון און אין משולש, צווישן די אשכנזים, תימנער, קורדן און פּערסיער, אומעטום האָט מען איר אויפגענומען מיט פרייד און געזען אין איר אַ מין מאָראַלישע פאָרשטייערין פון ישוב.

אין איר טאָג־בוך וועגן איר אַרבעט אין די פריש־אַנטשטאַנענע דערפער פאַרצייכנט זי:

„צוויי וועגן פירן אין ניי־אנטשטאנענעם דאָרף: איינס — א צייטווייליקע, וועלכע מען האָט אויף שנעל צוגעגרייט, איבערצופירן דורך אים בוי־מאטעריאלן, און איינס א שמאָל וועגל, מיט וועלכע עס האָבן זיך באנוצט די פריערדיקע איינ־וווינער פון דאָרף. איך קלויב אויס דעם ערשטן וועג, דעם וועג אויף וועלכן מען פילט די זיך־שיטנדיקע שטיינער אונטער די טריט. אויפן דאָזיקן וועג פיל איך די טריט פון אונדזערע קינדער, וועלכע האָבן איינגענומען דאָס דאָזיקע אָרט."

* *

*

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דבורה דיין געוועזן די איינציקע, וועלכע האָט זיך קעגנגעשטעלט דער מאָביליזאציע פון יידישע מיידלעך אין דער ענגלישער ארמיי. דער ישוב אין לאנד איז געוועזן אויפגעברויזט: מען שיקט די זין, קאָן מען אויך שיקן די טעכטער! עס איז א מלחמה אויף טויט און לעבן מיטן גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק! אָבער דבורה דיין האָט זיך שטאָלץ געשטעלט איינע קעגן אלע. זי האָט געוווּסט: נישט ווייניקער פאַר דער פיזישער סכנה, דראָט דער יידישער פרוי אין דער ענגלישער ארמיי א גייסטיקע דעמאָראליזאציע. צו דעם האָט זי נישט געקאָנט דערלאָזן.

אין סאמע פייער פון דער בלוטיקער וועלט־מלחמה, גייט אָן דער געראנגל אין ישוב פאַר א זעלבסטשטענדיקע יידישע היים אין ארץ־ישראל. יידישע זין און טעכטער זענען אין בריטישן מיליטער און אין דער יידישער בריגאדע. די געבליבענע אין לאנד פארנעמען זיך מיט אומלעגאלער עליה און מיטן אויסשולן די אומלעגאלע יידישע ארמיי. 43 בחורים ווערן געכאַפּט דורך דער ענגלישער מאכט,

ווערן איינגעשפּאַרט אין דער פעסטונג אין עכו, ווו זיי ווערן פאַר־משפּט אויף שווערע יאָרן טורמע. צווישן זיי — דער זון פון דבורה דיין, משה (דערנאָך, אין באַפרייטן לאַנד ישראל, דער 4־טער רמטכ״ל פון צה״ל). דבורה איז אָנוועזנדיק אויפן פּראָצעס. זי איז רואיק און שטאָלץ פון דער האַלטונג פון דער יוגנט קעגן די ענגלישע הערשער. די מוטער, וועלכע האָט איר לעבן געשטרעקט פאַר איר זון, איז אַרויסגענומען פון אַלע געפאַרן, איז שטאָלץ מיט איר קעמפנדיקן זון, וועלכער איז זיך מפקיר פאַר דער זאַך פון יידישן פאָלק.

איר יינגסטער זון — זוהר (זאָריק) — פאַלט אין שלאַכט ביי רמת־יוחנן, אין אָנהויב פון דער באַפרייאונגס־מלחמה. זיין טויט האָט אַריינגעוואָרפן דער מוטער אין א טיפן טרויער ביזן סוף פון איר לעבן. ער איז געפאַלן, אַלט זייענדיק קוים צוויי און צוואַנציק יאָר, איבערלאָזנדיק א פרוי מיט א דריי חדשים׳דיק קינד.

די לעצטע חדשים פון לעבן פון דבורה דיין זענען געווען פאַר איר שווערע און ווייטיקלעכע. איר קרענק האָט איר פאַרשאַפט אויסער־געוויינלעכע יסורים, און זי האָט זיך געקאָרטשעט אין ווייטיק. איר קלאָרער פאַרשטאַנד האָט זי אָבער נישט פאַרלאָזן ביזן לעצטן מאָ־מענט פון איר לעבן.

דעם 24־טן יולי 1956 איז זי געשטאָרבן אין שפּיטאָל ביילינסון, און אויף אירע ליפּן די ווערטער:

— דער טויט שרעקט מיך נישט. מען דאַרף קאָנען קוקן מיט אָפענע אויגן אין פּנים פון טויט...

* *

*

נהלל איז געבויט אין דער פאָרם פון אן איי. אַכט דורכגאַנגען פירן צו די פעלדער און צו די אַכציק וווינונגען. פינף בנינים פאַרנעמט

די אגראר־שולע און פינפאונזיבעציק זעגען וווין־הייזער. צווישן די פינפאונזיבעציק געפינט זיך דאָס הויז, אין וועלכע עס האָט געלעבט דבורה דיין. דאָס הויז איז ארומגערינגלט מיט הויכע בוימער, וועלכע זענען אלט ווי דער ישוב נהלל, און מיט גרינס און בלומען. ביי דער זייט — דער גאָרטן פון רויטע רויזן — דער זאָריק־גאָרטן, לזכר דעם זון זוהר, וועלכער איז געפאלן אין דער באפרייאונגס־מלחמה.

אין איר צימער, ביי איר בעט, א קליין טישל באדעקט מיט גלאָז. אונטערן גלאָז — בילדער פון טאטע־מאמע און איר פארצווייגטע משפחה. נאָך איר טויט זענען צוגעקומען אויך אירע בילדער. דאָס צימער איז געבליבן ווי ביי איר לעבן: דיזעלבע הילצערנע שטול ביים טישל ווו זי פלעגט ארבעטן, דיזעלבע ביכער־שאנק מיט די רוסישע קלאסיקער אין אָריגינאל. אויף די ווענט בילדער פון א רו־סישע אָנפאנג־שול, אין וועלכע דער לערער איז א פּאָפּ, מיט א גרויסן צלם אויפן הארץ, אָנגעהאנגען אויף א שווערער קייט...

דער צימער הויערט מיט דעמער. אין זיין טונקלקייט שפרייט זיך אומזעבאר א טיפער נאָגנדיקער טרויער...

שמואל דיין

*

*　　*

אין איינעם א ווינטער־טאָג, אין יאָר 1913, איז פון אָדעסער פּאָרט אָפּגעשווומען א שיף מיטן נאָמען „פירשטין אָלגע", וועלכע האָט געפירט אמוניציע צו די ברעגן פון באלקאן. אויף איר דעק זענען געווען הונדערטער פּילגרימען וואָס ציען צום הייליקן לאנד און ווייניק יידן. צווישן אָט די — א זקן, וואָס האָט מתפלל געווען טאָג־און־נאכט, ער זאָל זוכה זיין צו קומען צו קבר־ישראל אין ירושלים; א פוטער־סוחר פון סיביר, וועלכער האָט געזוכט מסחרים אויפן באָענטן מזרח; און אויך א מיידל, וועלכע האָט זיך אוועקגעריסן פון דעם שטודיום און געלאָזן הינטער זיך אלץ וואָס איז איר טייער, ווייל יענע שייטערס, וואָס פאר זייער פייער האָט זי זיך געוואָרעמט ביז היינט, זענען איר געוואָרן פרעמד, און פון דער ווייט האָבן צו איר געבלינצלט אנדערע ליכטער.

אין אן אומבאקאנט לאנד האָב איך זיך אוועקגעלאָזן. ביי מיינע ערשטע טריט אין היימלאנד האָב איך נישט געוווּסט ווהין זיך צו ווענדן. אָבער אין א קורצער צייט ארום האָב איך געקאָנט שרייבן צו מיינע פריינט אין רוסלאנד, וועלכע זענען פארבליבן ביזן פארענדיקן זייערע שטודיומס, אז איך בין גליקלעך, אז כ'האָב זיך דערשלאָגן צו גרונט און פארוואָרצלטקייט — איך געהער צו אן ארבעטער־משפחה, צו דער קבוצה דגניה. מיינע חברים פארזייען פעלדער, שניידן תבואה; די נענטע מיל מאָלט די קערנער אויף מעל, און איך באַק דערפון ברויט. — צי באַנעמט איר דעם זין פון דער זאַך?

מיין מזל האָט באשערט, אז מיין ערשטע ארבעט איז געווען ברויט־באקן. און אזוי האָבן זיך אָנגעהויבן לעבנסקאפיטלעך פולע אינהאלט, א לעבן פון אן ארבעטערין אין ארץ־ישראל, אין א קבוצה. און די לעבנסשטראָם האָט זיך אלץ פארברייטערט. אָט קומען פאָר באראַטונגען פון חברות פון עמק־הירדן אין כנרת, — מיר זענען ווינציק געווען, אָבער מיר האָבן ארויסגעהויבן די באזונדערע פראָבלעמען פון דער ארבעטנדיקער פרוי אין אלגעמיין, איר באציונג צו ארבעט און די באציונג צו איר. דאָס שווייגן האָט זיך איבערגעריסן. א סוף צו דער איינזאמקייט.

אין עטלעכע יאָר ארום איז פאָרגעקומען די שרונה־קאָנפערענץ, אויף וועלכער ס'האָט זיך צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן די שטים פון א יונגער מוטער, וועלכע ראנגלט זיך אין א נעץ פון פראָבלעמען — ווי צו זיין א נוצלעכע ארבעטערין צווישן אירע חברים, און דערציען איר קינד, און איינהיטן איר קולטור־ניווא, און נישט צו ווערן אָפּגעריסן פון דעם לעבן, וואָס שלאָגט מיט כוואליעס פון באנייונג. און שפּעטער — די בלפוריה־קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס זענען געלייגט געוואָרן די יסודות פאר אן ארבעטערין־באוועגונג אין לאנד.

ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די אלגעמיינע אָרגאניזאציע פון יידישע ארבעטער אין ארץ־ישראל, בין איך שוין געווען — איך, פון די לעצטע פון דער צווייטער עליה — פון יענע וואָס נעמען אויף די נייע עליה, און צוזאמען מיט די ערשטע פון דער דריטער עליה האָב איך געזינגען אין א צריף אויפן באָדן פון דגניה ב': „ווי גרויס איז דער דאָזיקער טאָג!"

עס זיינען אריבער מער ווי פערציק יאָר, יאָרן פולע גליק פון אויפשטעלן א משפחה, פון בויען א גרויס יידיש דאָרף אויפן באָדן

פון עמק־יזרעאל. איך האָב צוגעזען ווי דאָס דאָרף געדייעט און צעבליט זיך און בין געווען א שותף צום טרויער פון באערדיקן די קערפּערס פון זין, וואָס האָבן פארגאָסן זייער בלוט פאר דער באפרייונג פון דעם היימלאנד. אין גליק און אין טרויער באגלייט מיך דאָס געפיל — ביסט נישט איינזאם, געהערסט צו א גרויסער געמיינשאפט וואָס בויט אויף א היימלאנד.

*

בעת דער אנטשטייונג פון דער מדינה, ווען ס׳האָט א שלאָג געטאָן די ערשטע כוואַליע פון דער עליה אין לאנד, האָבן מיר, די פרויען פון דער צווייטער עליה, געהאט די זכיה זיך צו געפינען צווישן יענע וואָס נעמען אויף די דאָזיקע עליה און זאָרגן פאר איר. מיר האָבן געהאט די זכיה צו זיין ערדארבעטער אין לאנד. מיר האָבן געהאט די זכיה צו העלפן די ליקווידירער פון דעם גלות־תימן ביים איינאָרדענען זיי אין די פארלאָזענע הייזער אין די בערג פון גליל. מיר האָבן געהאט די זכיה אויפצושטעלן געצעלטן פאר יענע וואָס זיינען אנטרינען פון גיהנום פון די קאָנצעטראציע־לאגערן. מיר האָבן געהאט די זכיה צו לייגן פונדאמענטן פאר א נייעם יידישן דאָרף צוזאמען מיט יענע, וואָס האָבן פארשלאָסן הינטער זיך די טויערן פון די לאגערן אין ציפּערן.

אין די בערג פון ירושלים לויכטן די שייטערס פון די ארויס־געגאנגענע פון קורדיסטאן, און מיר, די פרויען פון דער צווייטער עליה — זיינען מיט זיי. די ארויסגעגאנגענע פון א סך לענדער און מענטשן פון פארשיידענע עדות פארלאנגען עצה און הילף פון אונדז, די ותיקים. דעמאָלט פארשטייען מיר ווי וויכטיק עס איז די דערפארונג וואָס מיר האָבן אָנגעזאמלט אין משך פון צענטליקער יאָרן מי אין לאנד; ווי וויכטיק ס׳איז דאָס געצייג וואָס דער ארבעטער־קאָלעקטיוו

האָט צוגעגרייט אויף אויפצונעמען די ברידער. נישט מיט ליידיקע הענט האָבן מיר זיי באַגעגנט. עס פעלט נאָך א סך, ס׳איז נאָך ווייט דער וועג ביז צו דער צונויפגיסונג. און מיר טראָגן אין אונדזערע הערצער די תפילה — זאָל אויפקומען א פאָלק אָן איינגעשטאַלטיקס, זאָלן איינפאַלן די מחיצות צווישן איין עדה און דער צווייטער. און גלייך ווי מיר האָבן געגלייבט אין דעם ערשטן אַקער־בייט אויפן באָדן פון אום־ג׳וני; ווי מיר האָבן געגלייבט אין די בייטן וואָס זיינען אויפגעעפנט געוואָרן אויף די פעלדער פון עמק־יזרעאל און עמק־בית־שאָן, — אזוי גלייבן מיר אין די אַקער־בייטן וואָס ווערן אויפגעעפנט אויף די בערג פון ירושלים, אויף די בערג פון גליל און אויף די שטרעקעס וואָס ווערן אויפגעאקערט אין נגב.

(פון איר ריידע אויף דער באראטונג פון דער הסתדרות אין פתח־תקוה צום יובל פון דער צווייטער עליה, דעם 23טן דעצעמבער, 1954).

# מיין מאמע

בייטאָג דרייען זיך דאָ ארום מענטשן. ס׳קומט א פויער פון א נאָענטן דאָרף פרעגן זיך אן עצה. ס׳פארפאָרט א וואָגן אויפן הויף, ער פאָרט ארויס, און ס׳פאָרט אריין א צווייטער, און עס זעט נישט אויס, ס׳זאָל אזוי ווייט זיין פונעם ישוב, אָבער אנדערש איז עס ביינאכט. דער טאטע איז אָפּגעשלאָסן אין זיין ארבעט־צימער; דער וועכטער גייט ארויס אויף זיין פּאָסטן; זיין פרוי וואָס ארבעט אין שטוב קערט זיך אום צו אירע קינדער, און ס׳דאכט זיך אז אויף דער גאנצער וועלט זענען פארבליבן בלויז מיר דריי — די מאמע, איך און מיין קלענערער ברודער. אַוודאי זיינען נישט אלע נעכט געווען אזעלכע, אָבער היינט, פון דער ווייטן — א ווייט א פיל גרעסערע ווי די צייט אליין — געדענקען זיך גראָד די דאָזיקע נעכט.

און זי, די מאמע, זעצט אונדז אויף אירע קני, און צוזאמען מיט איר זיינען מיר איינגעהילט אין איר גרויסער און ווייכער שאל. מיט א שטילער שטים זינגט זי אונדז אן אוקראַאיניש ליד, אין וועלכן די פרוי באקלאָגט זיך אויף איר ביטער מזל. דאָס ליד איז לאנג, איינ־טאָניק און אומעטיק, און ווילנוויייז חזרן זיך איבער די ווערטער: „קינדער מיינע — איר זענט מיינע בלומען״. און אויף די דאָזיקע ווערטער ווארטן מיר. זי זינגט, און אָט פינקלט אויף א טרער אין אירע אויגן, די טרער שווילט־אָן און רינט אראָפּ, און נאָך איר א צווייטע. וואָס די דאָזיקע טרערן באדייטן, ווייסן מיר נישט, אָבער מיר האָבן אזא רחמנות אויף איר, מיר האָבן זי אזוי ליב אין דער

רגע. אין דער שעה זענען מיר אלע דריי איין גוף, און אפשר עקזיסטירן מ י ר בכלל נישט. בלויז ז י עקזיסטירט — די מאמע.

ס׳דערהערט זיך פון ווייטנס א געביל פון הינט — דער וועכטער ענטפערט זיי מיט א פייף. דער ווינט וואָיעט אין קוימען און באוועגט פון צייט צו צייט א ברעט פון פלויט; פון טייך דערטראָגט זיך דאָס גערויש פונעם פלאצנדיקן אייז, און דערנאָך ווערט ווידער שטיל. און נאָר דער מאמעס געזאנג ציט זיך ווייטער. מיר טוליען זיך נאָך טיפער אריין אין דער שאל און שרעקן זיך — אָט ענדיקט זיך דאָס ליד. וועט זי זיך אויפשטעלן און לייגן אונדז שלאָפן?

און שפעטער זענען געקומען אנדערע יאָרן, וועלכע זיינען נישט ענליך געווען צו די קינדעריאָרן; ווען די שרעקליכע קראנקהייט, וואָס האָט געצעסטיקט אין איר קערפער, האָט זי אזוי פארענדערט, און אין די פארוועלקטע הענט און אין דעם פנים ווי א מאסקע איז נישט מעגלעך געווען צו דערקאָנען די פריערדיקע מאמע, און נאָר אין די זעלטענע מינוטן פון געמאכטער רו פלעגן זיך אירע אויגן עפענען און זיך ארומקוקן — פלעג איך דעמאָלט טראכטן: איצטער זעט זי זיך א יונגע, און מיר די קליינע אויף אירע קני. און אפשר... אפשר האָט איר בליק געשטעקט נאָך ווייטער, און זי האָט געזען זיך אליין אין די אָרעמס פון איר מאמען...

1936

# דער נאָמען

דעם גלחס, פאָטער איפּאָליטס, מאָטיוון האָבן איבערצייגט מיינע עלטערן: פון היינט אָן וועל איך גיין אין דער שול וואָס ביים קלויסטער אין נאָענטן דאָרף. דאָרט וועל איך פארטוישן דאָס אוקרא־

איניש, וואָס איך רעד פריי — אויף רוסיש; און אין א יאָר ארום וועל איך קאָנען אָנגענומען ווערן אין דער גימנאזיע אין דער קרייז־שטאָט.

„א יידיש מיידל איינע אליין צווישן אזויפיל פויערישע קינדער!...״ — האָט די מאמע אויסגערעדט איר זאָרג און שרעקן. אָבער דער באשלוס איז געפאלן: קיין אנדער אויסוועג איז נישטאָ, איך מוז זיך אויספלאסטערן א וועג צו דער גימנאזיע.

גאַנץ פריי בין איך ארויס פון שטוב, באגלייט מיט אָנווייזונגען און באלערנדיקע רייד. די שול האָט זיך געפונען ווייט פון אונדזער שטוב. דאָס איז געווען אַן אויסטערליש געפיל — זיך דערווייטערן פון דער היים אין אזא פריער צייט.

כ׳האָב באגעגנט דעם פאסטעך מיט זיין טשערעדע; ס׳זיינען מיר פארבייגעגאנגען פישער מיט זייערע פאנגנעצן; די פויערים האָבן זיך געאיילט אָנצוקומען אויפן יאריד אין איינעם פון די נאָענטסטע דערפער; קינדער מיט ארויפגעהויבענע העמדלעך האָבן זיך געעסקט פאר די טירן פון די כאטעס.

לויטן מנהג דאָ באגעגן איך יעדן וואָס קומט מיר אנטקעגן מיט א באגריסונג. — „לערנען״? — פרעגט מען מיך, און איך ענטפער „יאָ!״, מיט א געפיל פון זיכערקייט און שטאָלץ.

אָט איז די שול. זי שטארצט ארויס פון צווישן די וווינונגען־כאטעס וואָס לעבן איר, ווו ווירטשאפט־געביידעס זענען נישטאָ. דאָס אויסזען פון דעם געשניצטן שטיגן־פּאָרענטש געבן צו דער כאטע שיינקייט און פראכט. די לימודים האָבן זיך נאָכנישט אָנגעהויבן, און די קינדער זאמלען זיך אין גרופּעס, ווי זיי וואָלטן האָבן בדעה מיך מקבל־פּנים צו זיין. דער פּאָטער איפּאָליט, דער גוטהארציקער און פיינפילנדיקער, זעט־צו פונווייטנס מיין צעטומלטקייט און גייט מיר אנטקעגן.

— קומט אריין לערנען! — פארבעט ער אונדז אלע מיט א ברייטע באוועגונג מיט דער האנט אריינצוגיין אין דער כאטע.

— אין דעם טאָג־זשורנאַל פון קלאַס דאַרף איך אריינשרייבן דיין פולן נאָמען ווי ער איז און נישט דעם פארצויגענעם, — ווענדט ער זיך צו מיר.

— דווירע, — ענטפער איך און פיל ווי דאָס פנים באגיסט זיך מיר מיט רויטס.

— ווי אזוי? — דווירע? — וואָס הייסט עס דווירע? — ווי הייסט זי? — הערן זיך שטימען פון אלע זייטן.

— דוועריי! (אויף רוסיש — טירן) — דערקלערט איינער א יינגל א לאָבוזו.

אן איינגעהאלטן געלעכטער הערט זיך ארום מיר. איך לאָז אראָפּ דעם קאָפּ און זעץ זיך אזוי אויף דער שולבאנק. ס׳זענען מיר פרעמד דעם פאָטער איפּאָליטס סלאווישע אויסדריקן, ווי זיי וואָלטן קומען צו מיר פון מרחקים. דאָס זשוזשען פון די פליגן וואָס ווימלען אויף די פענצטער מישט זיך אויס מיט די דאָזיקע נודזשענדיקע ווערטער. כ׳בין אָנגעפילט מיט איין פארלאנג: זיין אין דער היים. איך וויל פארמאכן די אויגן און אַפּערברענגען אין דמיון וואָס דאָרטן טוט זיך; אָבער די פרעמדע ווערטער, וואָס שיטן זיך פון פאָטער איפּאָליטס מויל טרייבן פאנאנדער מיינע געדאנקען.

די לעקציע ענדיקט זיך. דער טומל און דער אָנשטרענג עפּעסוואָס אויפצוכאפּן פון דאָזיקן טומל ארויס רופן ארויס ביי מיר קאָפּווייטיק. אָט אָט צעוויין איך זיך.

איך זיץ אין א זייט, און פון הינטער מיר דערגרייכט מיין אויער א רויש פון שושקערייען. כ׳פארשטיי — אָדער פינקטליכער — פיל, אז איך בין די טעמע פון זייערע רייד.



אין איר געבורטס־דארף
פראכאראווקע, אוקרייאינע, 1910



קיעוו 1914



אין געבורטס דאָרף פראכאראווקע, אוקרייאינע
(פון רעכטס צו לינקס) דבורה זעטאלאווסקאיא,דער פאָטער יחיאל זאב, דער ברודער יהושע,
מוטער מרים (מאשע), שוועסטער רחל (ראניע)

מיטאמאָל ברעכט אויס א דונער פון געלעכטער. נישט ווילנדיק הייב איך אויף דעם קאָפּ. אין דער טיר שטייט יענץ יינגל דער לאָבוז און וויגט די טיר אהין און אהער; די טיר, וואָס דרייט זיך אויף אירע זאוויסעס, לאָזט הערן א שרעקלעך גרילצעריי, און אלע קוקן אויף מיר און לאכן.

ווי א האמער וואָלט מיר א פּלעט געטאָן איבערן קאָפּ: „זיי רייצן זיך מיט מיר, שפּעטן פון מיין נאָמען — דווירע — וואָס איז ענלעך צום וואָרט „דווערי"... ניין! איך בין נישט אימשטאנד איבערצוטראָגן דעם דאָזיקן שפּאָט. כ'לאָז אראָפּ דעם קאָפּ אויפן טיש און ברעך אויס מיט א געוויין. דער פּאָטער איפּאָליט באווייזט זיך אין צימער, זעט מיך וויינען און קוקט אויף די שילער מיט א בייזן בליק. איינע פון די מיידלעך קלערט אים אויף, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען.

— שוטים וואָס איר זענט! זי הייסט דעבאָרא. צי ווייסט איר נישט וועגן דער גביאה דעבאָרא? — און ער הייבט אָן דערציילן וועגן דבורה הנביאה און אירע העלדישע אויפטועןָ. אָבער איך פיל נישט קיין שום דערלייכטערונג און הער נישט אויף צו וויינען שטיל און ביטער.

*

די היץ פון דער זון ווערט אלץ שטארקער. די טשערעדע רוט אונטער די ביימער אויף דער פּאשע־לאָנקע; דער פּאסטעך פייפט אויף זיין פייפל. די פישערס פאנגנעצן, ארויסגעצויגן פון טייך, בליאסקען. אין דאָרף הערשט א טיפע שטילקייט. נאָר פונדערווייטנס הערט זיך א קוויטשיקע שטים: „טיאַ־טיאַ־טיאַ"... — א פויערטע א שרייערקע רופט צונויף ארום זיך קליינע חזירימלעך. איך גיי פּאמעלעך לענג־אויס דעם דניעפּער אהיים, א מידע און דערשלאָגענע, ווי א געשלאָגן הינטל.

*

און ווידער איז א פרילינג־פרימאָרגן, און איך גיי זיך מיין וועג אין שול אריין. הײַנט אײַל איך זיך שוין נישט: כ׳ווייס וואָס מיך דער־וואַרט דאָרט, און דאָס איז נישט זייער דערמונטערנדיק. די פויערטעס, וואָס טרעפן זיך מיר אין וועג, ענטפערן מיר אויף מיין באַגריסונג, פרעגן שוין אָבער נישט מער, וווהין איך גיי: זיי ווייסן, אַז איך גיי זיך לערנען.

ווען כ׳דערנענטער זיך צו דער שול, הייב איך אָן גיין פּאַמעלעכער. נאָך איין גאַס־פּאַרקער — און כ׳וועל שטיין פאַר דעם טויער פון מיין שול. איך טו א קוק אויפן הימל. די זון האָט זיך שוין פאַרקליבן הויך, נאָר עפּעס זענען נאָך די שילער אין דרויסן.

„דאָ איז דאָך קיין שום טיר נישטאָ״, — מאַך איך זיך אליין הארץ, נעם זיך אָן מיט מוט און גיי אריין אויפן הויף. אָבער ווי נאָר מיין פוס טוט דאָרט א טראָט, באַגעגנט מיך א שטימען־כאָר, און געלעכטער־פינקלעך שפּריצן פון די קינדערס אויגן: — דעבאָרא די נביאה! דעבאָרא די נביאה!... — די ווערטער, וואָס קומען שווער ארויס פון די מײַלער פון די פויערישע קינדער, און דער שפּאָט און די באַליי־דיגונג וואָס שלאָגט פון זיי — רײַסן מיר די אויערן און רייצן מיך פיל מער ווי דאָס גרילצן פון דער טיר. איך לויף אריין אין דער כאַטע אין דער האָפנונג צו געפינען דאָרט מיין בעשיצער, אָבער דער פּאָטער איפּאָליט איז נישטאָ. מיטאמאָל דערהער איך דאָס קלינגען פון די קלויסטער־גלעקער, און אין זעלבן אויגנבליק ווערט מיר קלאָר: „ס׳איז עמעצער געשטאָרבן... דער פּאָטער איפּאָליט איז פאַרנומען מיט דער לוויה און וועט בכלל אין שול אריין נישט קומען״. הייסט עס, אַז ס׳איז אויף מיר נגזר געוואָרן צו פאַרברענגען דעם טאָג איינע אליין צווישן די דאָזיקע קינדער?!

א פינצטערע אימה באפאלט מיך. מיט א געלויף שנייד איך אדורך דעם הויף, מיט די הענט אויפן קאָפּ, נאָך אין גאס לויפן מיר נאָך די שפּאַט־רופן: דעבאָרא די נביאה!...

וואָס גיכער ארויס פון דאָרף און די פּאשע־לאַנקעס און צוקומען צום ברעג פון דניעפּער, ווו כ׳בין ווי ביי זיך אין דער היים.

אָט איז דער ברעג. איך טונק אונטער די פיס אין וואסער. ווי קליין און נעבעכדיק איך בין! שטיל זשורזשען די וועלן און זינגען מיר אין אויער ארײַן איינטאָניקן ניגון. דאָרט, אויפן צווייטן ברעג, גרינען הויכע בערג; דאָ, אויף אונדזער ברעג, שפּרייטן זיך זאמד־היגלען; הינטער זיי זיינען צעוואָרפן כאטעס מיט גערטנער ארום זיי. מיין ווייי שטילט זיך אלץ מער איין. איך ווער פול מיט אומענדלעכער ליבשאפט צו די דאָזיקע וועלן, צו די געשטאלטן פון די קינדער וואָס וווינען אין דאָרף. איך קאָן זיי דאָך אלע פאר זייערע נעמען. בלויז א מינוט טראכט איך וועגן דעם, — און ווידער ברויזט אויף אין מיין געמיט א גרוילעקער שטורעם. די באליידיקונג, וואָס בריט אין הארצן ברעכט אויף ארויס מיט א געשריי, און כ׳וואָרף ארויס אין דער לופט ארײַן בייזע ווערטער, אָפּגעהאקטע און אומקלאָרע... און דער עכאָ פון די בערג חזר׳ט איבער מיין שטים.

# אין אן אומבאקאַנט לאנד

— — — און דווקא דעמאָלט, ווען ס׳האָט זיך געדאכט, אז די לעבנס־טויערן עפענען זיך פאר מיר, האָבן זיך אין מיר געוועקט ספקות: צי איז דאָס דער וועג?

איך ארבעט אין דער „זעמסטוואָ"* אין רוסלאנד. ס׳דערוואַרט

מיך די מעגלעכקייט פון ברייטער טעטיקייט צווישן דעם פאָלק וואָס כ׳האָב געקאָנט, וואָס פאר דעם האָב איך געזאמלט כוחות און וויסן, און אויף זיין שפראך האָב איך גערעדט און געדענקט.

כ׳בין אן איינאונאיינציקע יידישקע דאָ און פארגעס עס נישט, און אפילו אויף קיין רגע פארלאָזט מיך נישט דאָס געפיל פון פרעמד־קייט אין דער דאָזיקער סביבה, וואָס איז נאָענט מיין הארצן.

די ספקות זיינען געקומען און פארבליבן אין מיר. אין די רויש־דיקע גאסן פון גרויסשטאָט, אין די קולוארן פון אוניווערזיטעטן, אין די באלויכטענע טעאטער־זאלן, ביי מיין ארבעט־טיש, וועלכער איז מיר אזוי באליבט געוואָרן, — אומעטום באגלייט מיך דער פיינעג־דיקער געדאנק: צי איז דאָס דער וועג?

און ס׳איז מיר געדענקלעך, און כ׳וועל קיינמאָל נישט פארגעסן יענע נאכט. אין מיין צימער — אן ענג סטודנטיש צימער — הערשט פריילעכער טומל. מיינע קאָלעגן רעדן, דיסקוסירן, לאכן. בלויז איך געפין נישט פאר זיך קיין רו. כ׳פיל ווי ס׳רייסן זיך איבער איינער נאָכן אנדערן די פעדעם וואָס פארבינדן אונדז. כ׳האָרך זיך מער נישט איין צו זייערע רייד; אין דער נאכטיקער שטאָטישער שטילקייט כאפ איך אויף א וואָלפיש וואָיען אין באָטאנישן גאָרטן פון אוניווער־זיטעט, און גלייך ווי צוזאמען מיט אים וויינט אין מיר מיין נשמה. עפעס א טעות, א טעות איז ארייננעפאלן אין מיין לעבן. דאָס פאָלק וועלכן איך וויל אוועקשענקען מיינע כוחות, איז נישט מיין פאָלק, און איך בין דעם א פרעמדע. מיין אייגן פאָלק — קאָן איך נישט. קאָן נישט זיין לעבן און נישט זיין שפראך. דער קרעמער? דער שניידער? איז דאָס דאָס פאָלק? איך קאָן טאָגלוינער, באגאזש־טרעגער אויפן פאָרט, פויערים וואָס קומען אָפּ אין זייער שווערער

* אָרטיקע מאָכט.

מי און אָרעמקייט, אויסגעצערטע קינדער, פרויען וואָס שטראָמען פון די פאַבריקן נאָכן פאַרנאַכטיקן סירענע־פייף. דאָס זיינען — די מאַסן. און די מאַסן פון מיין פאָלק ווו זיינען? איך דאַרף אָנהייבן פון דאָס ניי, פון בראשית. דער טומל האָט זיך אָפּגעזעצט. די געסט גייען זיך פאַנאַנדער. ס׳וווּנדערט זיי מיין אומעטיק, אומגעוויינלעך שווייגן. אויסגעשטערנטע נאַכט, שטילקייט, און נאָך דייטלעכער הערט זיך דאָס וואָלפישע יאָמערן פון באָטאַנישן גאָרטן. א טרויער נעמט מיך אַרום. ניין, אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין. כ׳האָב איינגעפּאַקט מיינע זאַכן און בין מיט דער ערשטער פּרימאָרגן־שיף אוועק צוריק אין גוט, צו מיינע עלטערן.

וואַרימע טעג פון אָנהייב האַרבסט. אין דער צייט איז מיר אַזוי אויסטערליש צו זיין אין דער היים. די אייגענע קוקן אויף מיר מיט פאַרדאַכט. כ׳וואַנדל אַרום אויף די ברעגן פון דניעפּער, איבערגעגעבן אינגאַנצן די צערטלעכקייטן פון דער האַרבסטיקער זון. אין רעגנדיקע טעג נישטער איך אין טאַטנס ביבליאָטעק, אין וועלכער ס׳זענען פאַראַן צענטליקער ביכער אויף א שפּראַך וואָס איז מיר אומפאַרשטענדלעך, און ס׳איז מיר קלאָר, אַז דאָ איז פאַרבאָרגן די לעזונג אויף מיין לעבנס־רעטעניש. וואָס ווייטער צייטיקט זיך אויס די מחשבה: מען מוז קענען די שפּראַך פונעם פאָלק, אַנדערש וועל איך עס נישט קענען. און כ׳וואַנדל ווידער אַרום אויף די ברעגעס פון דניעפּער. די זון וואַרעמט שוין נישט מער. ס׳בלאָזט א קאַלטער ווינט, ס׳פאַלט א שניי. נאָך א ביסל און ס׳וועט איינדרעמלען דאָס לעבן אין דאָרף, און איך האָב נאָך אַלץ נישט באַשלאָסן וואָס צו טאָן.

אָט איז שוין פאַריבער דאָס בירגערלעכע ניי־יאָר. אַלץ איז איינגעדעקט מיט שניי. מיינע אייגענע זיינען אוועקגעפאָרן אין דעם נאָענטן גוט, און איך זיץ אַליין און בלעטער דעם טאַטנס בריוו. איך

ווייס אז די מערהייט בריוו זיינען פון ארץ־ישראל און וועגן ארץ־ישראל, אָבער די שפּראַך פון די בריוו איז מיר נישט פאַרשטענדלעך. און פּלוצעם — אָט איז א בריוו געשריבן אויף רוסיש. א בריוו פון זאב טיאָמקין. דער טאַטע האָט מיר שוין דערציילט וועגן דאָזיקן בריוו, אָבער דעמאָלט האָב איך גאָרנישט באַנומען. אצינד פאַלט יעדעס וואָרט אויף א צעאַקערטן באָדן. מיין רעגונג ווערט אַלץ שטאַרקער. ווי א בליץ טוט א בלענד דער געדאַנק: דאָרט זיינען די אַרבעטער פון מיין פאָלק, כ׳וועל צושטיין צו זיי. ס׳קומען אויף אַנדערע מחשבות, אָבער איך שטויס זיי אָפּ און לאָז זיך לויפן צו מיין פריינד — וואָס פון מיינע קינדעריאָרן אָן בין איך געוווינט געווען אים אויסצודערציילן מיינעליידן און פריידן — צום דניעפּער. ער איז פאַרקאָוועט אין אייז־קייטן, אָבער אונטער דעם אייז רוישט לעבן. כ׳בין איינע אליין אין די רחבותן פון חלל, און כ׳טו א זאָג אָן מינדסטער מורא אויף א קול: „איך פאָר קיין ארץ־ישראל!״.

בייזקייט פון ווינטער־ים. א פייכטער נעפּל האָט ארומגעהילט די גאַנצע וועלט. ארום מיר שרימפּן זיך מענטשן איין פאַר קעלט. און איך בין אינגאַנצן פריידגעשאַל. כ׳בין געשטאַנען אויף דעם דעק, נישט רעכענענדיק זיך מיט דער קעלט און פינצטערניש. כ׳האָב נישט געקאָנט דאָס לאַנד, צו וועלכן כ׳בין געפאָרן, נישט געקאָנט קיינעם פון אירע באַוווינער. געוווּסט בלויז, אז די מענטשן דאָרט מיען זיך פאַר זייער פאָלק, און איך בין מיט זיי. עס שטייט מיר נאָך פאָר א וויייטער וועג, אָבער ווי זאָל איך אָנהייבן פון בראשית, ווען מיין הארץ דורשט נאָך לעבן און ארבעט?

חוץ מיר זיינען אויף דער שיף געווען א צוויי־דריי זקנים, וואָס זיינען געפאָרן שטאַרבן אין הייליקן לאַנד, און א מאַמע מיט איר

קליינעם זון. דאָס יינגל האָט געקאָנט זינגען העברעישע לידער מיט זיין דינינק, ליב שטימעלע און אויך געוווסט אז זיין זינגען געפעלט מיר. מיר פלעגן אוועקגיין אין א שטיל ווינקל, און דאָרט פלעג איך מיט פארמאכטע אויגן זיך איינהאָרכן אין זיין געזאנג.

כ׳האָב נישט געהאט קיין באשטימט אָרט ווו אויסצושטייגן אין ארץ־ישראל. האָב איך דערום אויסגעשטיגן אין חיפה צוזאמען מיט דער פאמיליע־פרוי און אויך איר זיך נאָכגעשלעפט צו איר האָטעל. כ׳האָב אָפּגעמאכט ביי מיר אין הארצן צו פארלאָזן זיך אויפן גורל — ס׳וועט זיך דאָך געפינען עמעצער וואָס וועט זיך מיט מיר פאר־אינטערעסירן, פרעגן אויף מיין נאָמען און מיין פארלאנג. און אויב יענער מענטש וועט מאכן אויף מיר א גוטן איינדרוק — איז דאָס א צייכן, אז כ׳בין געגאנגען אויפן ריכטיקן וועג.

כ׳בין שטיל געזעסן ביי דעם טיש און זיך איינגעהאָרכט צום שמועס פון די ארומזיצענדיקע. און אָט דערנענטערט זיך צו מיר א מאן, נישט קיין יונגער דאכט זיך, א באבאָרדיקטער, די הענט אין די קעשענעס, דער קאָפּ א ביסל ארויסגעשטארצט. נאָך איידער ס׳איז אים ארויס א וואָרט פון מויל, און שוין רעדן זיינע פארשטענדיקע און שמייכלענדיקע אויגן. דער דאָזיקער פארשטאנדיקער בליק פון די שמייכלענדיקע אויגן האָט בארעכטיקט מיין בטחון אינעם גורל.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך אראָפּגעוואָרפן פון זיך די שווערע צפונדיקע בגדים און בין פול מיט האָפנונג געגאנגען מיט ישראל בצר (בעצער) צו פאָרן קיין מרחביה.

א סך יאָרן זענען שוין אוועק פון דעמלט. דאָס פרעמדע און אומקלאָרע איז געוואָרן נאָענט און קלאָר. פאנטאזיעס זענען געבוירן געוואָרן און אוועקגעשטאָרבן; האָפנונגען האָבן פארפירט און זענען פארווירקלעכט געוואָרן; מענטשן האָבן זיך דערנענטערט און דער־

ווייטערט; נאָר קיינמאָל וועט זיך נישט אויסלעשן דער גלאַנץ פון יענע אויגן, וואָס אין אַ מאָמענט פון גרויליקער איינזאַמקייט האָבן זיי אַריינגעבליקט אין מיינע אויגן מיט ברידערלעכן צערטל.

כ׳בין אין דגניה. היינט — צום ערשטן מאָל, אויף אייגענער אחריות — האָב איך אָפּגעבאַקן אַן „אויוון״ ברויט. „אָפּבאַקן ברויט פאַר פופציק פאַרשוין״, — זאָג איך און חזר איבער. און אָט ווער איך גרויס אין מיינע אייגענע אויגן און אָט צעטומלט, וואָס אַזאַ דריבנע און קליינגעוויקסיקע ווי איך בין, דערוועג זיך צו אַטאַקירן דעם ריזיקן ברויט־אויוון. די טעאָריע פון באַקן ווי ס׳געהער צו זיין קאָן איך אויסנווייניק. מרים האָט, אַרויסגייענדיק פון דער בעקעריי, מיך שטרענג באַפוילן צו קנייטן לענגער און נישט אַריינצוטאָן קיין וואַסער פאַראַמאָל, נאָר צו ביסלעך. איך בלייב איבער אַליין און טרעט צו צו דער הייליקער עבודה. ס׳פאַרגייט אַ שטיקל צייט, און די הענט ציטערן שוין פון מידקייט, די פינגער פאָלגן מיך נישט און נישט געקוקט אויף מיין אָנשטרענגונג, האָט זיך נישט די גאַנצע מעל צונויפגענומען צו ווערן טייג. כ׳גיס צו וואַסער, און די מעל פאַרוואַנדלט זיך אין אַ קלייפּיקער מאַסע. כ׳וויל אַרויסציען די האַנט פונעם טייג, נאָר עס ציט זיך אינגאַנצן נאָך נאָך דער האַנט. כ׳שפּרייט פאַנאַנדער די פינגער און דריק זיי צוזאַמען, הייב אַרויף און לאָז פעסט אַראָפּ די הענט, אָבער זיי זיינען נישט אימשטאַנד זיך אַרויסצובאַקומען. ס׳טוט מיר ווי דער רוקן, ס׳פּייניקט מיך דער דורשט, זלידנע פליגן קלייפּן זיך צו צום שטערן. וואָס גייט אָפּ מיט שווייס, קריכן אין די אויגן, אין מויל אַריין. „ברויט פאַר פופציק פאַרשוין,״ — חזר איך איבער פאַר זיך אַליין. און איך קנייט ווייטער מיט אומטמענטשלעכער אָנשטרענגונג. די פיס זיינען שוין פאַרמאַטערט

געוואָרן, און כ׳שטיי אויף איין פוס, ביז דער צווייטער נעמט זיך אָן מיט כוחות. כ׳וויל זיך קאָנצענטרירן אויף א וועלכן־ס׳איז געדאנק, אָבער פון אלע מיינע געדאנקען איז פארבליבן בלויז דער איינער: „ווען מע זאָל נאָר מעגן צוגעבן וואסער צום טייג״... ס׳גייט פארביי מרים און שאָקלט מיר צו מיטן קאָפּ. נאָר אָט הויבן זיך אָן ווייזן געבענטשטע סימנים. דאָס טייג פארוואנדלט זיך אין א ווייסן און גלאטן בלאָק; די הענט באוועגן זיך אין אים גרינגער; כ׳גיב צו וואסער, שטיל מיין דאָרשט, וויש אָפּ דעם שווייס. ערשט ווערט שוין די ארבעט געטאָן מיט פרייד. ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן אויפן הארצן, ווי כ׳וואָלט נאָכן ווינטער אוועקגעוואָרפן דעם ווארעמען מאנטל און געלאָפן איבער די פרילינגדיקע פעלדער.

דאָ נישט לאנג צוריק פלעגט טרעפן, אז אין זאלן פאר רעפעראטן, אין ביבליאָטעקן און מוזייען, אין געווירבל פון שטאָטישע גאסן זאָל מיך באפאלן דער צווייפל: וועמען פעלט דאָס מיין ארבעט און די ארבעט פון מענטשן מיינס גלייכן? צי איז פאראן א נויטווענדיקייט אין איר? צי קאָן מען אָן איר נישט לעבן? און דעמלט פלעגט זיך אראָפּלאָזן אויף מיר א גלייכגילטיקייט. קיין שום מענטש פלעגט נישט וועקן אין מיר דעם פארלאנג אים צו זעען, קיין שום זאך פלעגט מיך נישט פאראינטערעסירן, כ׳זאָל זיך דערמיט פארנעמען. און איצט? אָט אקערן דאָ מיינע חברים, פארזייען, נעמען אראָפּ זייער שניט. נישט ווייט פון אונדז מאָלט א מיל און פארוואנדלט אונדזערע ווייץ־קערנער אין מעל. און די מעל קומט אריין אין מיינע הענט, און ס׳ווערט פון איר ברויט. איז נישט דאָס דער קוואל פון אלע קוואלן? ווער וועט צווייפלען אין דער נויטווענדיקייט פון דער זאך? צי איז פאראן לעבן אָן ברויט? —

1929

# דער ערשטער טאָג

נאָך איין קער פון דער שיף — און פאר מיינע אויגן האָט זיך אנט־פּלעקט חיפה.

ס׳איז געווען ארץ־ישראלדיקער ווינטער. ס׳האָט געפּרישעט א דין רעגנדל. אָבער נאָך די פיל צפונדיקע שנייען זעט ער אויס ממש ווי פרילינג. די ווארעמע בגדים האָבן געדריקט אויף מיר: ס׳האָט זיך מיר געדאכט, אז אין זייערע פאלדן זיינען נאָך איינגעהיט די שפּורן פון דער קעלט.

בלויז א וואָך איז פאריבער — און איך שטיי שוין אויף דער שוועל פונעם נייעם לאנד, אויף דער שוועל פון דעם נייעם לעבן, און הלוואי זאָל די צייט זיך נאָך ציען. כ׳וואָלט וועלן שטיין נאָך שעה׳ען נעבן דער שיפנאָז, קוקן אויף די שטורמישע כוואליעס און טראכטן: אלע מיינע איבערלעבונגען געהערן שוין צו דער פאר־גאנגענהייט, זיינען ווייט אוועק פון מיר. און איצט? איצט וועל איך אָנהייבן לעבן פונס׳ניי.

ווי לאנג ס׳האָט זיך געצויגן די רייזע, האָב איך געוואָלט קאָנ־צענטרירן מיינע געדאנקען און ארויפברענגען אין מיין דמיון דעם אָנהויב פון מיין נייעם לעבן, אָבער דער דמיון האָט אויסגעוועבט בילדער אָן א פאָן פוןווירקלעכקייט. כ׳האָב נישט געקאָנט דאָס לאנד, צו וועלכן כ׳בין געפאָרן. כ׳וואָלט געקאָנט קענען, אבער נישט געקאָנט. כ׳האָב געבענקט צו מענטשן, וואָס כ׳האָב זיי קיינ־מאָל נישט געזען, אויך קיינמאָל גאָרנישט געהערט וועגן זיי. ווירקלעך, די געשטאלטן וואָס כ׳האָב ארויסגעבראכט אין מיין דמיון, זענען גלייך צעשוווּמען געוואָרן, ווייל זיי האָבן קיין אָנהאלט נישט געהאט.

אין די נעכט פלעגן צו מיר ווינקען פון די ברעגן בלינצלענדיקע ליכטער. און דעמלט האָט זיך געדאכט, אז שוין פון לאנג צאפּלט מיין נשמה אן אומבאשיצטע. כ׳האָב געוואָלט ארייַנקוקן אין א פרעמד פענצטערל, געפינען רו אין דער ווארעמקייט פון פרעמד פייער.

פריער איז אלץ געווען אזוי לייכט און פארשטענדלעך: „פאָלק״ איז פאר מיר געווען דער המון וואָס שטיקט זיך אין די שטעט אין יאָרן פון טריקעניש, וועלכער שטייט ווי אן איינגעקשנטער שאָטן פאר די טירן פון די רעסטאָראנען; די טרוקענע און צעשפּאָלטענע ליפּן פון המונים, שעפּטשענדיקע מאָנאָטאָן: „ברויט! גאָט האָט אונדז נישט געבענטשט מיט ברויט...״ כ׳האָב זיי געזען בייטאָג און ביינאכט. כ׳האָב געהערט זייער שטים פון די בלעטער פון די צייטונגען. וועגן זיי האָבן געשריבן שריפטשטעלער אין דער מערהייט פון זייערע שאפונגען. זייער שפּראך — איז מיין שפּראך... אָבער אין הארץ האָט זיך פארגנבעט דער צווייפל און איז אלץ שטארקער און שטארקער געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — —

די ווינציקע רייזענדער אויף דער שיף האָבן אָנגעהויבן זיך אויפרעגן. פון ברעג זיינען צוגעקומען שיפלעך. ס׳איז אנטשטאנען דער געוויינלעכער טומל, וועלכער ווערט דאָ, אויפן מזרח, פאר־וואנדלט אין א ליארעם.

איך האָב נישט געהאט קיין שום סיבה זיך צו איילן. אויך איך בין ארויפגעגאנגען מיט מיין קליין קערבל אין שיפל און האָב זיך נאָכגעשלעפּט מיינע מיטרייזענדער.

ס׳איז געווען שבת, אָבער אין די גאסן האָט זיך גאָרנישט אָפּ־געפילט; די לופט האָט געציטערט פון די געשרייען פון די אראבער, וואָס טומלען און ליארעמען. דער רעגן האָט אלץ געפרישעט, און

ס׳איז שווער געווען זיך משער צו זיין וויפל ס׳איז דער זייגער. אָבער ווען מיר זיינען צוגעקומען צום האָטעל, איז מיר קלאָר געוואָרן, אז דער טאָג לאָזט זיך אויס.

כ׳האָב באשלאָסן צו נעכטיקן אין חיפה און פון דאָרט פאָרן קיין דגניה. כ׳האָב געפרעגט איינעם פון מיינע מיטרייזנדער, א צפתער זקן, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון איזמיר, וועגן דעם וועג קיין דגניה. ס׳האָט זיך אויפגעקלערט, אז מיין געלט וועט קלעקן בלויז אויף דעם־אָ וועג — און מער נישט. און מיטאמאָל האָב איך דערהערט שטיקלעך פון א שמועס, אין וועלכע ס׳איז אָנגערופן געוואָרן דער נאָמען דגניה. אפשר זיינען דאָרט צווישן די שמועסער ארום טיש פאראן אויך מענטשן פון דגניה? אפשר איז ישראל אליין דאָרט, דער צו וועלכן איך ברענג א בריוו, און אין אים רעדט זיך זיכער אויך וועגן מיר? כ׳האָב זיך זייער אויפגערעגט, און ווי מיין גע־וואוינהייט אָנגעהויבן ארומשפאנען איבערן צימער מחמת גרויס אויפ־ר׳עגונג.

מ׳האָט געמאכט ליכטיק, און דאָס ליכט האָט ווי א סוף געמאכט צו דער אטמאָספער פון שבת און זיין רו. אין האָטעל איז אנטשטאנען א באוועגונג. די אָרטיקע האָבן ארומגערינגלט די געקומענע, פארשאָטן זיי מיט פראגעס. איינער פון די שמועסער ביים טיש האָט זיך געוואָנדן צו מיר. און ווירקלעך, פונעם געשפרעך איז קלאָר געוואָרן, אז ער קומט ערשט פון דגניה. מ׳האָט דאָרט פארענדיקט דעם פארזיי, און ער גייט מיט זיינעם א חבר קיין ירושלים. כ׳האָב אים דערציילט וועגן מיין בריוו צו ישראליקן און אז איך פאָר קיין דגניה. אָבער מיין נייער באקאַנטער האָט צונויפגעשנירלט די ליפּן מיט א מאָדנעם אויסדרוק און נאָך אן אויסגעצויגענעם ה־מ־מ־ם א זאָג געטאָן, אז ישראליק איז איצטער נישטאָ אין דגניה, איז געפאָרן קיין ביירוט

קויפן קי. מיר האָט זיך געדאכט, אז דער באָדן רוקט זיך מיר ארויס פון אונטער די פיס. א רגע האָט א שוועב געטאָן די האָפנונג, אז מיין מיטשמועסער וועט מיר פאַרלייגן, כ׳זאָל דאָך פאָרן קיין דגניה און ווארטן דאָרט ביז ישראליק וועט צוריקקומען. אָבער דער דאָזיקער געדאנק איז אים, משמעות, גאָר אויפן זינען נישט ארויף. מיר האָבן ווייטער געשמועסט. מיר זיינען געגאנגען באטראכטן חיפה. כ׳האָב געשטעלט פראגן, דערציילט, געלאכט, אָבער אין מיינע אויערן האָבן געהילכט די ווערטער: „ער איז געפאָרן קויפן קי; ער איז נישטאָ...״ און וואָס ווייטער? וווהין זאָל איך זיך ווענדן?

נאָך א שלאָפלאָזער נאכט בין איך פרי אויפגעשטאנען, גלייך איך גרייט זיך נאָך אלץ צו פאָרן אין גליל — די באן גייט דאָך ארויס אהין אינדערפרי. כ׳האָב געטרונקען טיי מיט די אנדערע רייזענדער, אָבער דאָס הארץ האָט זיך צוזאמענגעדריקט פון איינזאמקייט. ס׳האָט מיך נישט פרייגעלאָזן די גורלדיקע פראגע: וווהין זאָל איך איצט ווענדן און פון וואָס אָנהויבן?

דער רעגן האָט אויפגעהערט. דער ים האָט געגלאנצט און גע־וונקען, די בערג האָבן געגרינט, ס׳איז געווען ממש פרילינג. כ׳האָב געקוקט דורכן פענצטער, און פון מיין הארץ האָט זיך ארויסגעריסן אַ יאָמער: „איך וויל א ניי לעבן!״

כ׳בין געזונקען אין מחשבות און האָב נישט דערשפּירט דעם מענטשן, וואָס איז צוגעקומען צו מיר. די הענט אין די קעשענעס, דער קאָפּ ארויסגעשטארצט אַ ביסל פאָרויס, און זיינע אויגן שמייכלען און שטראלן. ער האָט געפרעגט וווהין איך פאָר.

— כ׳ווייס נישט... כ׳האָב נישט וווהין צו פאָרן! — האָב איך נישט ווילנדיק א זאָג געטאָן.

— נעם זשע און פּאַק שנעל איין דיינע זאכן; וועסט פאָרן מיט

מיר. די באַן גייט באַלד אָפּ... — און זיינע אויגן פינקלען וואַרעם.

כ'האָב שווייגענדיק געגומען מיין קערבל, און מיר האָבן זיך געלאָזט צום וואָקזאַל. אַ קורצע נסיעה. די קולות פון די אַראַבער ליאַרעמען ווי פריער. ס'לויפן פאַרביי גרינענדיקע פעלדער. אָט איז אַ טשערעדע שעפסן און אַ פאַסטעך מיט אַ לאַנגען שטעקן אין דער האַנט. אָט איז אַ לאַנגע שיירה קעמלען, וואָס שאָקלען חשיבותדיק מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן טראַכטן טיפע מחשבות.

אַ סטאַציע. מיין באַגלייטער ווינקט צו מיר מיט דער האַנט: מיר זיינען געקומען.

אַ פרימאָרגן זאַט מיט זון, און אַלץ אַרום איז אַזוי ווילד מיט אַ זיגל פון בראשית אויף זיך. ס'זעט אויס, ווי די געשיכטע וואָלט מיך אומגעקערט אויף צוריק מיט אַ סך הונדערטער יאָרן. דאָס מאַנטל, די הוט און מיין נאַריש קערבל דריקן אויף מיר אַלץ מער און מער. איך נעם פון מיין אומבאַקאַנטן באַגלייטערס האַנט מיין רוקזאַק. מיט אַ שנעלער באַוועגונג שטעק איך אַריין אין אים דאָס קערבל און נאָך אים אויך דאָס מאַנטל און די הוט. ס'איז מיר גלייך לייכטער געוואָרן, און מיין האַרץ יובלט.

מיר גייען אַרויף מיט אַ שטעגל. פעלדער פוןביידע זייטן. דאָ און דאָרטן גלאַנצן לאָנקעס, בלומען מיט זייערע בונטע קאָלירן. נאָר שאַרפער פון אַלע איז דער רויטער קאָליר. פונווייטנס זעען זיך אַ סך האָלץ-געביידעס און אַראַבישע ליים-כאַטעס — מרחביה.

— — — — — — — — — — — — — — — —

# ערשט נעכטן...

אין איינעם אן אָוונט, ווען ס׳האָבן געבלינצלט די פייערלעך פונעם נאָענטן פּאָרט, און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט די משפּחות, וואָס זיצן ארום זייערע טישן, האָב איך זיך נישט גאקאָנט באהערשן, ס׳האָט מיך פארקלעמט דאָס הארץ, און כ׳האָב זיך ביטער צעוויינט. אלע האָבן געפרוווט מיך טרייסטן, אויך דער פוטער־סוחר האָט א מורמל געטאָן עטלעכע אויסגעדראָשענע ווערטער, און נאָר די מאמע, וואָס איז געווען צווישן די ווינציקע יידישע רייזנדע, זי מיט איר זון — האָט מיך ארומגענומען און געזאָגט: „וויין נישט, מאמע מיינע!“, און דאָס איז עס געווען וואָס איך האָב באדארפט האָבן. די טרערן האָבן געפלאָסן, אָבער די לאסט האָט זיך אראָפּגעקייקלט.

ווו זיינען זיי ערגעץ מיינע עליה־ברידער? דער זקן איז אוודאי געשטאָרבן. דאָס מיידל, אויב זי האָט נישט געפונען איר זיווּג, האָט ארויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. פונעם פוטער־סוחר האָב איך אין א יאָר ארום דערהאלטן א בריוו פון כינע; ער האָט זיך נישט באַגניגנט מיט די געשעפטן אויפן נאָענטן מזרח און פאַרגעזעצט זיין רייזע צום ווייטן מזרח. דער זון — צווישן די וואָס האָבן זיך באזעצט אין דעם גליל, און די מאמע — אונדזערע וועגן פלעכטן זיך איבער.

ווען ס׳פארגייט די זון, וועלכע שעדיקט אירע קראנקע אויגן, מאכט זי זיך א וועג מיט דער הילף פון א שטעקן און גייט זעען אירע אייניקלעך; און אויך איך אייל אין יענער צייט צו באזוכן מיין אייניקל. איך באגריס זי פונווייטן, און זי דערקאָנט מיין שטים און ענטפערט מיר צופרידן: „שלום!“

און איינמאָל האָב איך זי באגעגנט, ווען דער שטעקן אין איר

האנט שלעפט זיך נאָך נאָכלאָזיק, ווי אַן איבעריקע זאַך ; מיט דער צווייטער האַנט האַלט זי דאָס הענטל פון אַ קינדערוויגל און שפּאַנט זיכער מיט דער יונגער מאַמען — איר אייניקל, וועלכע פירט איר יונג טעכטערל, דאָס אוראייניקל פון דער אַמאָליקער מאַמען.

דאָס מאָל פאַרהאַלט איך זיך צו באַגריסן זי, און זי פרעגט מיט אַ שטים פון אַ זיגער : „וויפל יאָר איז שוין פון דעמלט ?" און נישט אַריינטראַכטנדיק זיך וואָס דאָס מיינט „פון דעמלט", ענטפער איך איר : „דריי און דרייסיק".

— שוין דריי און דרייסיק ! און מיר דאַכט זיך, אַז ערשט נעכטן איז דאָס געווען !

1946

# אַ זוי איז געשען

אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס געשען. ס'איז איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונג צווישן דעם גליל און יהודה — און מיר זיינען אין גליל. דורך די געשלאָסענע גרענעצן זייען זיך דורך בייזע ידיעות וועגן נויט, מגפות, טויט אין די גאַסן. און אויך דאָ, אין גליל, ווייט פונעם דונער פון די מלחמה־האַרמאַטן, פעלט ברויט אָנצוזעטיקן די מאַסן, פאַרטריבענע פון יהודה. ס'האָבן זיך אויך באַוויזן קראַנקהייטן און געמערט טויטפאַלן. און ווען אַ קינד פון די ווינציקע קינדער אין קבוצה איז פאַרקראַנקט געוואָרן, האָבן מיר שטאַרק אויפגעציטערט. די בערג־לופט פון אויבערשטן גליל איז אַ היילנדיקע. איז אַהין, אין אַ ווייטער און פאַרוואָרפענער קאָלאָניע, אַריבערגעפירט געוואָרן די מאַמע מיטן קינד. די טעג, וואָס די מאַמע



דבורה און שמואל דיין מיטן זון משה.
דגניה 1918



נהלל, 1926



מוטער און טאכטער
אינם גרינס־גארטן, 1932

איז געזעסן אין דאָזיקן אָרט, זענען געווען פאַר איר טעג פון פאַר־צווייפלונג או האָפענונג. אין אָנהויב שלאָפלאָזע נעכט, און טעג פון שרעק. און דערנאָך טעג פריידיקע, צוזעענדיק ווי דאָס קינד קערט זיך אום צום געזונט. ס'האָבן זיך אומגעקערט צו דעם דאָס געלעכטער און שטיפעריי, און לסוף איז אויך געקומען די צייט זיך אומצוקערן אהיים, אין עמק־הירדן. פון דער היים איז א פור ארויסגעפאָרן ביינאכט, כדי זי זאָל קאָנען זיך צוריקקערן באגינען. גלייך ביים אראָפּ־נידערן פון די גליל־בערג האָט זיך שוין דערשפירט די היץ וואָס הויבט זיך ארויף פון עמק־החולה. און ווען די רייזענדער זיינען צוריקגעקומען צום סאמע צענטער פון עמק — האָבן די זונשטראלן א ברי געטאָן אומרחמנותדיק. און פלוצעם, ביי איינעם א פערקער, האָבן זיך די פערד צוליב עפעס־וואָס צעשראָקן, זיך מיט אמאָל א פארנעם געטאָן אין א זייט, און דער דישל איז צעבראָכן געוואָרן. אין סאמע זומערדיקן האלב־טאָג האָט זיך די פור פארהאלטן, פון אָרט זיך נישט צו רירן. וואָס וועט זיין מיטן קינד? ווער ווייסט וויפל צייט ס'וועט דויערן דאָס דאָזיקע שטיין? ווי אן אייביקער שלאָף וואָלט זיך אראָפּגעלאָזט אויפן עמק, און קיין לעבעדיק וועזן האָט זיך נישט באוויזן. ס'איז נישט געבליבן קיין אנדער ברירה ווי נאָר נעמען דאָס קינד אויף די הענט און גיין מיט דעם צופוס א ווייטע שטרעקע, ביז צו דער נאָענטער קאָלאָניע. איבער דורה־פעלדער, אָן א וועג, האָט די מאמע געשפּרייזט מיטן קינד, קוקענדיק גלייך פאַר זיך אויף א פונקט, וואָס רויטלט זיך מיט די דעכער פון זיינע שטיבער. דאָס קינד האָט איינגעדרימלט, זיך געוועקט און ווידער איינגעדרימלט. ס'האָט שווער געאָטעמט מיט היץ. ווען מען וואָלט קענען זיך אָפּ־שטעלן א רגע, אנידערלייגן דאָס קינד אויף א רגע! ניין, דו מוזט שפּרייזן ווייטער. דער שווייס רינט פון פּנים, פארדעקט די אויגן,

די מידקייט שטאַרקט זיך ביזן פאַרלירן די חושים, און בלויז איין מחשבה פּיקט דיך: ד ע ר ג י י ן.

ווי פון חלום אַרויס האָט זי דערלאַנגט דאָס קינד דער פויערטע, וואָס איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען; און ווי פון חלום אַרויס האָט זי דערשפּירט די קאַלטע וואַסער, וואָס איז אויף איר געשפּריצט געוואָרן. זי האָט נישט געדענקט ווי זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, און ערשט שפּעטער האָט זי זיך דערזען מיט איר קינד אויף אַ שטיינער־נעם, קאַלטן דיל, אַ צוגעדעקטן מיט אַ ראַגאָזשע. לעבן זיי איז געשטאַנען אַ קרוג וואַסער, אַ געוויינלעכער ערדענער קרוג, און די וואַסער אין אים קאַלטע.

אום ווינטער פון יענעם מלחמה־יאָר האָט די קבוצה געדאַרפט פירן ווייץ פאַר די איבערוואַנדערער, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון יפו און האָבן געוווינט אין כפר־סבא. אַ שפּראָץ אויף טאָג זיינען די שווערע זעק אויפגעלאָדן געוואָרן אויף די פורן, און צום זונאויפ־גאַנג זיינען די פורן אַרויסגעפאָרן פון דעם הויף פון משק. ס׳האָט אויסגעזען, אַז ס׳וועט זיין אַ לויטערער טאָג. אָבער ווען מען איז אַריבערגעפאָרן דעם וואַדי און זיך געלאָזט באַרג־אַרויף, האָט זיך באַוויזן אַן איינזאַמער וואָלקן, און נאָך אים האָבן זיך אויפגעטורעמט נאָך וואָלקנס אויפן הימל, און ס׳האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רואיק, דין רעגנדל, פון יענעם מין רעגנס וואָס קענען אָנהאַלטן לאַנגע טעג. האָבן דעמלט די תבואה־פירער באַשלאָסן צו פאַרפאָרן אין דער נאָענטער קאָלאָניע, צו דער משפחה מעקלער.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט די משפחה מעקלער עולה געווען אין לאַנד און מיטגעבראַכט מיט זיך פון די אוראַלער בערג די מידה פון הכנסת־אורחים מיט דער ברייטער האַנט. מיט אונדז, די קבוצה־מענטשן, האָט די משפחה געלעבט אין

פריינטשאפט, און צו איר האָבן מיר זיך געראַטעוועט פאַרן רעגן, וואָס האָט אונדז אָנגעיאָגט אין וועג. אויך די שטוב־מענטשן האָט דער רעגן פאַרטריבן פון פאַרשיידענע אַרבעטן, און ערשט זיינען זיי אַלע געזעסן אַרום אַ גרויסן טיש און איבערגעקליבן זריעות. נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש וועגן געזונט־צושטאַנד און דעם מצב פון דעם משק זיינען אויך מיר צוגעשטאַנען צו דער אַרבעט פון איבערקלייבן ווייץ־קערנער. דער רעגן איז ווייטער געגאַנגען, און דאָס זיצן אין געזעלשאַפט אין די בייזע מלחמה־טעג האָט צוגעגעבן אַ ביסל בטחון, אַז די שווערע צייט וועט סוף־סוף אַריבער. דערווייל האָט זיך אין דערבייאיקן צימער באַוויזן אַ זודיקער סאַמאָוואַר, וואָס זשומעט און פאַרשפּרייט זיין גוטע וואַרעמקייט. אויך אויפן דאָזיקן טיש זיינען קענטיק געווען שפּורן פון דער מלחמה־נויט, אָבער דער קוכן פון „קאַמאַרדין" (אַ זשעלע געמאַכט פון געטריקנטער מישמיש־פּרוכט) האָט דערקוויקט, דער עסענץ, געמאַכט פון טרוקענע און צוגעבראַנטע פייגן, האָט אויסגעזען ווי אמתע טיי, און די פּעכלדיקע גלעזער און דאָס ווייסע טישטעך האָבן דערמאָנט די אַמאָליקע היים־שטוב.

און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אויסלויבן דעם גוטן טעם פון דער טיי, האָט די טאָכטער, אַ געוועזענע קעמפערין פון דער פרייהייט־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פון די פאַרשיקטע קיין סיביר, אָנגעהויבן אונדז פאַרשטיין צו געבן:

— וואָס פאַרשטייט איר וועגן דער ווערט פון הייסער טיי? שטעלט אייך פאָר אַ ווינטערדיקן טאָג אין די סטעפּעס פון סיביר. לאַנגע שעה'ען גאַנג, און דער פראָסט פאַרפרירט אין דיר אַ ל ץ, און אויך דער געדאַנק איז פאַרפרוירן. און פלוצעם אַנטפּלעקט זיך פאַר דיינע אויגן אַ פאַרוואָרפן דאָרף, וואָס שטאַרצט אַרויס פונעם שניי, און דו פאַרקערעוועסט אַהין און ביסט אַרומגערינגלט מיט דער וואַרעמקייט

פון לעבעדיקע מענטשן און פילסט אָן דיין בלעכענעם טשייניק מיט זודיקער וואסער. דו גלעטסט און נעמסט ארום דעם דאָזיקן טשייניק, דריקסט אים צו צו דיין קערפּער און זופּסט טראָפּנווייז פון זיין הייסער וואסער. וואָס פארשטייט איר זיך אויפן טעם פון אזא מין טיי?

— איך פארשטיי זיך — האָט זיך אָנגערופן איינע פון די געסט. — ס׳איז ווי דער טעם פון דער קאלטער וואסער אינם ערדענעם קרוג פארן פארחלשטן קינד אין דעם היציקן זומערטאָג אין עמק־החולה.

# דאָס דײַטשישע מיליטער אין דגניה

מרים באַראַץ געווידמעט

די מלחמה־יאָרן. אין אָנהויב האָבן מיר געגלייבט, אַז דאָס איז נאָר אויף אַ קורצער צייט, און נאָך אַ ביסל וועט זיך אַלץ ווידער איינאָרדנען. אָבער ס׳ציִען זיך די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה, און צוזאַמען מיט איר ענדערט זיך אויך דאָס לעבן.

דאָס דונערן פון די האַרמאַטן הערן מיר נישט, דעם טעם פון די גיפטיקע גאַזן האָבן מיר נישט פאַרזוכט, קיין אָפּגעהאַקטע הענט־און־פיס נישט געזען. אונדזערע שפּייכלערס זײַנען פול מיט תבואות, אונדזערע קי געבן שפּע׳דיקע געמעלקן, אונדזערע פעלדער שפּראָצן אויס גרינוואַרג. און פונדעסטוועגן האָט אונדזער ווינקל און אונדזער גאַנץ לעבן אַן אַנדער אויסזען. מען גייט אָן מיט דער אַרבעט, אָבער מען ווייסט נישט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען. מען וואַרט אויף ענדערונגען, אויף אַנדערע צייטן, און מען ווערט געצויגן, ווי אַ פויגל אין שטייגל, נאָך יעדן לייכטן ווינטל, וואָס ברענגט אומקלאָרע ידיעות פון דעם אָקופּירטן טייל פון לאַנד און טיילמאָל אויך פון יענער זייט ים.

מיר לעבן אין אַ מלחמה־תקופה. אין קיך און אין אַנדערע בנינים געפינט זיך דײַטשיש מיליטער, און מיר שטיקן זיך אויפן שטאַל־בוידעם, אין די מאַשינען־מאַגאַזינען, אין יעדן ווינקל וואָס פאַרמאָגט אַ דאַך. ס׳איז ווי אַ נאַטירלעכע זאַך אַז טאָג־טעגלעך זאָלן פליִען עראָפּלאַנען איבער אונדזערע קעפּ, אַז פון פענצטער זאָל אַרויסקוקן

דער שטאָלצער הויפטמאַן, אַז אויפן הויף זאָל דער שטאַלמייסטער פוצן זיינע פערד, ס'איז ווי נאַטירלעך, אַז אויף אונדזער הויף זאָל זיך הערן די דייטשישע שפּראַך, און אין זייערע יומטובים און זונטיקס זאָלן שיכורע אָפּיצירן זינגען ווי אין אַ שענקהויז.

עס זענען געקומען שווערע טעג, די טעג פון ווינטער־רעגנס. בייטאָג אַרבעט מען, אָבער אין אָוונט איז נישטאָ קיין אָרט וווּ זיך צו דערוואַרעמען. אין דעם קיך־מאַגאַזין בלאָזט אַ ווינט, און אויך אין די ערטער וווּ מען נעכטיקט איבער ברענט נישט דאָס בוימל־לעמפּל, און דאָס בוך פאַלט אַרויס פון דער האַנט, וואָס גליווערט פון קעלט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ טאָג פון די דאָזיקע רעגן־טעג. כ'האָב זיך אַרומגעדרייט אין הויף מיטן ווייבענדיקן קינד אויף די הענט. פּלוצעם האָט זיך מיין בליק אָנגעשלאָגן אין אַן איינזאַם קעמל אויפן פעלד. וווּ איז זיין באַלעבאָס, און אויף וואָס וואַרט ער? ס'איז אַריבער אַ שעה, צוויי שעה, ס'איז געקומען דער אָוונט, און דאָס קעמל שטייט נאָך אַלץ אומבאַוועגלעך, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אַנטקעגן דעם בייזן ווינט. כ'האָב פאַרשטאַנען — ער וואַרט אויף אַן אַנדערן ווינט, אַ בעסערן פון דעם. ווי איך האָב מקנא געווען זיין געדולד!

אָבער אָט זיינען געקומען טעג נאָך שווערערע — די קינדער האָבן אָנגעהויבן קרענקען. גדעון, מרימס, ברענט אינגאַנצן פון היץ, און אין די נעכט הוסט ער הארב. עס וויזיטירט אים אַ דייטשישער מיליטערישער דאָקטאָר. דאָס ווינקל וווּ גדעון ליגט, איז אַ שטיין־ווינקל, אַ קאַלטס בייטאָג און ביינאַכט. דאָס ביסל ווינטערדיקע זון שפּאַרט נישט אַן אַהין. עס קאָן אַזוי נישט זיין, באַשליס איך און פּריוו בעטן ביים הויפטמאַן — דעם אָרטיקן מאַכטהאָבער — אַ צימער. דער מאַכט־האָבער נעמט מיך אויף העפלעך, ממש ווי אַ מלך, הויבט אויף

א ביסל מיט גרינגשעצונג די ברעמען און רעכנט אויס די פיל ערטער, וואָס דאָס דייטשישע מיליטער האָט זיי צעשטערט אויף זיין וועג. יאָ, איך ווייס, כ׳ווייס, אָבער איין צימער — א טרוקן ווינקל פאר דעם קראנקן קינד. דער זייגער אין זיין האנט ווינקט מיר צו, אז דאָס געשפרעך איז געענדיקט.

כ׳קום צוריק און דערצייל עס מרימען אין טרערן. „מ׳האָט נישט געדארפט גיין,״ — זאָגט זי. — „מירן לעבן אויך אָן זיי,״ — זי זאָגט מיר אָן וואָס מע דארף טאָן דעם קראנקן קינד און גייט צוריק צו איר ארבעט.

אָבער שפּעטער, ווען מיין קינד איז קראנק געוואָרן, איז עס מרים געוועזן די וואָס האָט מיך אונטערגעטריבן: „קיין טבריה, דאָרט קאָן מ׳ען געפינען א ווארעם הויז און א דאָקטאָר, וואָס אין זיינע אויגן האָט נאָך א ווערט דאָס לעבן פון א קינד״.

מיר האָבן אָפּגעפילט די אומרואיקייט פון די זעלנער וואָס געפינען זיך אין אונדזער הויף, און דערנאָך זיך דערוווּסט אז די דייטשן גרייטן זיך אָפּצוטרעטן, און אז הינטער די בערג, אויף א מרחק פון געציילטע שעה׳ען גאנג, לאגערט דאָס ענגלישע מיליטער.

וואָס וועט זיין מיט אונדז? — מיר וועלן נישט אנטלויפן, און אויך די קינדער וועלן מיר נישט אוועקשיקן פון דער היים. און ס׳כאפּט אונדז ארום א פרייד צוליב דעם נאָענטן סוף פון דער מלחמה. מיר האָבן נישט געקאָנט ארבעטן יענעם טאָג. מיר האָבן זיך ארומגעדרייט איבערן הויף. און ווען איינער האָט זיך באגעגנט מיטן צווייטן, האָט אויפן פּנים א פלאטער געטאָן א שמייכעלע פון פרייד געמישט מיט שרעק. אין יענער נאכט האָט דער גענעראל־שטאב פון דייטשישן מיליטער אין ארץ־ישראל אָפּגעהאלטן זיין לעצטע זיצונג אין דעם הויז אין דגניה.

די פּאַטרולן האָבן אונטערגעצונדן די מיליטערישע מאַגאַזינען צוזאַמען מיטן היפּשן פאַרמעגן אין זיי, און מיר האָבן געקוקט מיט סאַטיספאַקציע פון דעם שטאַל־דאַך אויף די ריזיקע פייער־צונגען. אין דער פרי האָבן זיך אויסגעליידיקט איינס נאָכן אַנדערן דאָס הויז, דער הויף, דער פערדשטאַל, און מיר האָבן פּלוצעם דערפילט אַן אויסערגעוויינלעכע דערלייכטערונג, ווי מיר וואָלטן מיטאַמאָל אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף אַ רחבותדיק אינדזל.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום באַליבטן ווינקלביים ברעג פון ירדן, וואָס פון זינט די דייטשן זיינען געקומען האָב איך עס נישט באַזוכט. אין דאָזיקן רואיקן ווינקל האָבן זיי איינגעשטעלט אַ מיליטערישע קיך. דער אויוון איז צעשעדיקט דורך אַן אייליקע האַנט, און נאָר דער שפּייזקעסל, איינגעמויערט אויף שטיינער, האָט נאָך ווי נישט פאַרענדיקט זיין ראָלע.

אַ משונהדיקער גערויש אין דעם קעסל. כ׳בין מבולבל געוואָרן. אין דעם איבערבלייבעכץ פונעם קעסל האָט זיך געשפּילט אַ גרויסער שלאַנג און געבליאַסקעט קעגן דער זון — אַ סימבאָל פון מלחמה און צעשטערונג.

אַ דערשיטערטע האָב איך צוריקגעאיילט אויפן הויף. ס׳זענען דאָרט געשטאַנען אונדזערע חברים און האָבן אין דער אומגעוויינלעכער צייט איינגעשטעלט דעם סדר פון דער אַרבעט. כ׳האָב זיי דערציילט וואָס כ׳האָב געזען. „געבוג״, — האָט מרים איבערגעריסן אַלעמענס שווייגן — „זאָלן זיי זיך גיין, די וועלט־צעשטערער״. זי פאַרריכט דאָס טיכל אויף איר קאָפּ, בינדט אַרום דעם פאַרטעך און נעמט זיך צו דער אַרבעט, און זי אינגאַנצן זאָגט: „ניין, מיך וועט פונעם אָרט, פון מיין אָרט, קיין שום זאַך נישט אוועקרירן״.

1934

# די לעצטע טעג פון פרומע מעקלער

טאָג־טעגלעך ווערן געפירט די ארעסטירטע פון חאסאן־בעק פון יהודה קיין דמשק. און טאָג־טעגלעך גייען מיר ארויס צו דער סטאציע זיי צו באגלייטן, געבן זיי ברויט צו עסן און וואסער צו טרונקען. זיי געזעגענען זיך טרויעריק, ווער ווייסט ?...

און איידער מיר האָבן נאָך באוויזן זיך געהעריק צוצוגרייטן, זיך צו באראטן צווישן זיך, ווי ס'זאָל זיין ווען די צרה וועט קומען — איז חאסאן־בעקס „קאָמענדע" אָנגעקומען אויך צו אונדז. אונדזערע חברים, אויסער צוויי קראנקע, האָט מען ארעסטירט. איבער אונדז, די חברות, האָט מען געשטעלט א וואך פון טערקישע זעלנער, און צוליב נאָך מער זיכערקייט אויך א רייטער אויף א שטארק פערד.

די ארעסטירטע האָט מען אוועקגעפירט קיין כנרת, וווּ ס'זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אלע ארעסטירטע פון דער געגנט, און אונדז, די חברות, מיט די פיר קינדער, געלאָזן אויף הפקר אין א הויף ווייט פון א ישוב. מיטאמאָל איז דער משק פאר אונדז אין די אויגן געוואָרן ריין פון מענטשן, ליידיק, און ס'האָט אונדז ארומגעכאפט א שרעק ארומצוגיין אין אים, באגלייט פון די ברענענדיקע אויגן פון מענטשן פון א פרעמד און פיינטלעך פאָלק. זיינען מיר אלע געשטאנען אזוי צוזאמען אין א ווינקל פונעם הויף. דאן איז אונדז קלאָר געוואָרן, אז ס'איז נישטא קיין אויסוועג — מע דארף טאָן, וואָס ס'איז מעגלעך צו טאָן. די קינדער, די בעלי־חיים אין שטאל און אין פערדשטאל און

די עופות אין די לולים פאַדערן זייערס. אויך פאַר די קראַנקע, וואָס זיינען מיט אונדז געבליבן, דאַרפן מיר באַזונדערס זאָרגן — צוויי חברים אונדזערע ליגן אין די צימערן אויבן, און פרומע (מעקלער) ליגט איזאָלירט אין ביוראָ־צימער, וואָס זיינע טיר־און־פענצטער גייען אַרויס צום ירדן.

פרומע איז געווען אַ לערערין אין צפת. זי איז אַראָפּגעקומען קיין דגניה, באַזאָרגט וועגן אירע נאָענטע חברים. אַ קראַנקע איז זי צו אונדז געקומען — דאָס האָבן מיר באַמערקט די ערשטע רגע. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט זיך צו באַהערשן, האַלטן זיך פעסט, אָבער אומזיסט. איר געזונטצושטאַנד האָט שטאַרק באַאומרואיקט, און ס׳איז נויטיק געווען אַראָפּצוברענגען אַ דאָקטאָר. תחיה האָט עס דערקלערט דער וואַך, וואָס איז אונדז געשטעלט געוואָרן. זי האָט זיי געזאָגט, אַז זי וויל פאָרן קיין טבריה צו דאָקטאָר פּאַכאָווסקי, וועלכער האָט דעמלט געדינט אַלס מיליטער־דאָקטאָר. תחיה שפּאַנט דעם וואָגן, פאָרט אַרויס הינטנאַרום פון הויף, און מיר זעען ווי זי פאָרט אַריבער אומגעשטערט דעם ירדן. אַזוי פאַרשווינדט זי פון אונדזערע אויגן... און אין עטלעכע שעה אַרום איז זי צוריקגעקומען מיטן דאָקטאָר. דאָקטאָר פּאַכאָווסקי שעלט די עקלהאַפטע וועלט מיט טויטע קללות אויף רוסיש, שאָקלט מיטן קאָפּ, קוקט אויף אונדז מיט טרערן־פליסנדיקע אויגן און טוט אַ זאָג: „ס׳איז נישט מעגלעך פרומען צו ראַטעווען...״

ער קאָן נישט פאַרבלייבן מיט אונדז, ווייל דער גרויסער מיליטער־רישער שפּיטאָל, וואָס איז אונטער זיין השגחה, וואַרט אויף אים. דעם דאָקטאָרס וויאָגן האָט זיך דערווייטערט, און מיר זיינען געבליבן לעבן פרומען אָן האָפענונג זי צו ראַטעווען. דערווייל דערנענטערט זיך דער אָוונט, און די פינצטערניש וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון די בערג איז

אזוי אימהדיק. וואָס זאָלן מיר טאָן? וואָס וועט זיין מיט פרומען? און וואָס וועט זיין מיט אונדז, אויב אונדזערע שומרים וועלן זיך אָנזויפן און אָנהויבן ווילדעווען? ווי וועלן מיר זיך באשיצן?

מיר האָבן געלייגט אַלע קינדער אין איין צימער, און אליין זיך געלייגט לעבן זיי אין קאָרידאָר — אין גרויסן עס־זאַל איז קיין חשק נישטאָ אריינצוגיין. פאַרמאַטערטע און דערשלאָגענע קייען מיר דאָס רעפּטל ברויט, וואָס מרים האָט געזאָרגט אונדז צו ברענגען. די וואָס פאָרען זיך אַרום די קראַנקע גייען ארויף און אראָפּ, מאַכן אַן אָנשטעל פון רואיקייט. נאָר אָט עפנט זיך די טיר, און שפרה גייט ארויס פון פרומעס צימער און כאַפּט זיך אָן פאַרן טיש, נישט אומצופאַלן — פרומע גוססט... און פון צימער הערן זיך שטילע זיפצן, אזוי שטאַרבט פרומע. און אז איך גיי אריין צו איר, באַגלייט מיך א טיפער בליק פון אירע שיינע אויגן, א בליק פון אן אנדער וועלט. מיטאמאָל איז אין מיר אויפגעקומען א באשלוס, און כ׳זאָג צו די חברות: „כ׳וועל זיך ארויסגנבענען ביינאכט, אריבערגיין דעם ירדן און קומען צו אונדזערע ארעסטירטע״. כ׳האָב געמיינט, כ׳וועל אָנטרעפן אויף א קעגנערשאַפט. אָבער ניין, פאַרקערט, די חברות געבן מיר צו מוט, עצהן איך זאָל אָנטאָן א טונקל קלייד, כדי כ׳זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן אין דער נאַכט־פינצטערניש, בענטשן מיך רואיק: „זיי מצליח״.

איך האָב קיינמאָל נישט געהערט צו די העלדינס. קינדווייז פלעג איך זיך שרעקן אריינצוגיין אין אן אומבאלויכטן צימער. און איצט — קיין טראָפּעלע שרעק נישט. ס׳האָט נישט אָנגעוואָרפן קיין שרעק די וואַך, וועלכע כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען; ס׳האָבן נישט אָנגעוואָרפן קיין פחד די שאָטנס פון די ביימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן מיך נאָכיאָגן. דעם ירדן בין איך אריבער כמעט קריכענדיק.

כ׳בין נישט געגאנגען מיטן טראקט, נאָר מיט שטעגעלעך, צווישן פעלדזן, אין דער נאָענט פון די קליינע הייזקעס, וואָס אויפן ברעג כנרת.

נישט געקוקט אויף דער נאכט־צייט איז אָנגעגאנגען א וואכיקע באוועגונג אין דעם אדמיניסטראציע־הויז פון פיק״א, דאָס זיצאָרט פון חאסאן־בעקס קאָמענדע — וווהין מען פלעגט פירן די ארעסטירטע מיט געשמידטע הענט צו דער אויספאָרשונג, פונוואנען מען פלעגט אויך הערן דעם סוויסשטש פון דעם שמייסנדיקן קאנטשיק, די הארצ־רייסנדיקע קרעכצן און געוואלדן פון די געפייניקטע. ארום די הייזער, וואָס האָבן זיך פארוואנדלט אין צייטווייליקע תפיסות, האָבן זיך ארומגעדרייט די פרויען פון דער קאָלאָניע כנרת און ארייננדערלאנגט בגנבה עסן די ארעסטירטע. אויך איך האָב זיך ארייגעגנבעט אין איינעם פון די הייזער, ווו אונדזערע חברים זיינען געזעסן. דורך די אייזערנע קראטקעס פונעם פענצטער האָב איך געזען א. ד. גאָרדאָנען זיצן אויף א נידעריק בענקל, די הענט פארלייגט, און ער שאָקלט זיך מיטן גאנצן גוף (האָט ער געדאווונט?). כ׳האָב מיטגעטיילט די חברים וועגן פרומעס טויט. מיר האָבן באשלאָסן, איך זאָל זיך שטעלן פארן בעק, וועלכער פארוואלטעט מיט די תפיסות און שטראָפן, און בעטן ביי אים מענטשן צו באערדיקן די טויטע. איך האָב עס געטאָן מיט דער הילף פון בן־צור (א דירעקטאָר פון פיק״א). דער בעק איז געזעסן מיט צערעפּעטע פּיס, האָט געקוקט אויף מיר מיט א פאָרשעריש אויג, בעת דער קאנטשיק טאנצט אין זיינע הענט, ווי אן ארבעטס־אינסטרומענט, מיט וועלכן מ׳איז געוווינט; ער האָט געשטעלט עטלעכע פראגן נישט צו דער זאך, און לסוף, ווען ער האָט געהערט אז די קבורה דארף גלייך געמאכט ווערן, ווייל די קראנקהייט איז געוועזן אן אָנשטעקנדיקע — האָט ער מסכים געווען צו שיקן מענטשן אונטער

א שטאַרקע וואָך. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר זיינען נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, און נאָך אונדז די זעלנער אויף זייערע פערד. און ווען מיר זיינען אָנגעקומען אהיים, האָבן שוין געברענט ליכט ביי פרומען צוקאַפּנס. מיר האָבן זיך באַמיט מכבד צו זיין די זעלנער מיט א פעטער סעודה און געבן זיי טרינקען וויין, ווייל אונדז איז פאַרגעשטאַנען א גרויסע אַרבעט.

אויפן ברעג פון ירדן האָט מען געגראָבן דעם קבר פאַר פרומען. די אַרבעט האָט מען געטאָן פאַמעליך, כדי צו געווינען צייט. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר איינגעהייצט דעם אויוון צו באַקן ברויט, און צוזאַמען מיט דער שטרוי אריינגערוקט אין פלאַם פאָטאָגראַפיעס, בריוו, רשימות פון אַרבעט־פּלענער און יעדן דאָקומענט וואָס איז עלול צו זיין פאַרדעכטיקט. איך האָב איילִיק געבראַכט אויך מיין פּעקעלע, און זעענדיק ווי דאָס פייער טוט עס שנעל א כאַפּ אָן, האָט זיך פאַרקלעמט מיין האַרץ. כ׳האָב אריינגעשטעקט די האַנט אין דער ברענענדיקער שטרוי ארויסצוראַטעווען פון דאָרט די בילדער פון מיינע האַרצגעליבטע פון מיינע קינדער־און־יוגנט־יאָרן, אָבער דאָס פּעקעלע האָט זיך צעשאָטן אין מיין האַנט — אַלץ איז געווען פאַר־סמאַליעט נישט צו דערקענען קיין מענטשלעכע פיזיאָנאָמיע; און בלויז איין בילד, א פאָטאָגראַפיע פון מיר און מיין חברטע פון דער צייט פון מיין לעצטן באַזוך אין רוסלאַנד פאַרן מלחמה־אויסברוך, איז געבליבן כמעט גאַנץ, פאַרסמאַליעט דאָ און דאָרט. כ׳האָב געהאַלטן דאָס בילד מיטביידע הענט, באַטראַכט מיין חברטע און ווי כ׳וואָלט איר זאָגן: „צי וועלן מיר זיך נאָך זען אַמאָל?״ — דאָרט, אין די אוקראַאינישע שטעטלעך, קומען פאָר א מלחמה, גירושים, פּאָגראָמען, א הונגער, און דאָ...

אָבער כ׳האָב קיין צייט נישט געהאַט מיטגעריסן צו ווערן מיט

מיינע זכרונות, ווייל עס שטייט מיר נאָך פאַר א סך ארבעט, און די נאכט דערנעטערט זיך צו איר ענדע.

אינדערפרי זיינען מיר אלע געשטאַנען ארום פרומעס אָפּענעם קבר. אָן ווערטער, אָן הספדים, בלויז א שטיל, פאַשטיקט געוויין. מיר האָבן געוווסט, אז מיר דארפן זיך האלטן פעסט. מיר האָבן געגלויבט, אז דאָס איז דער לעצטער פויסטן־שטויס פון דער אכזריותדיקער, ווילדער מאכט. מיר האָבן געגלייבט, אז די מאכט וואָס דערנענטערט זיך צום לאנד, פון יענער זייט סועץ, איז א מאכט פון א קולטורעל פאָלק, וואָס באַגיטיגט פרייהייט און גערעכטיקייט. מיר האָבן געהאָפט, אז מיט דער הילף פון דאָזיקן פאָלק וועלן מיר אויפלעבן די וויסטע־נישן פונעם לאנד, צונויפזאמלען די צעזייטקייט פון יידישן פאָלק. מיר האָבן געהאָפט און געגלויבט. —

נהלל, תש״ו

# די ערשטע טריט

צוזאמען מיט די ערשטע צוואַנציק לאנד־באזעצער איז אויפן אָרט פון דער נייער קאָלאָניזאציע געקומען אויך א קינד פון זעקס יאָר. ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין ירדן־טאָל, געוווינט געוועזן צו זעען די אָזיערע און דעם ירדן מיט דער וואך פון די בערג, וואָס רינגלען זיי ארום. און דאָ איז אלץ אנדערש: דאָ איז א גרויסער מרחב, פעלדזן, ווילדע בושן און פנימער פון נייע מענטשן, וואָס ער האָט זיי ביז היינט נישט געקאָנט. נישטא דאָ יענע שטוב. שטאָט איר שטייט א געצעלט, מיט צוויי בעטן אינעווייניק. אן איבערגעקערטע פאַס דינט פאר א טיש. צום דאָזיקן טיש זעצט ער זיך עסן צוזאמען

מיט טאטע־מאמע. ווי לאנגווייליק ס'איז צו עסן אין אזא קליינע געזעלשאפט! דאָרט, פון וואנען ער איז געקומען, פלעגט ער עסן אין א רחבותדיק צימער, ביי א לאנגן טיש, אין דער געזעלשאפט פון א סך מענטשן, וואָס זיינען אים גוט באקאַנט. אָבער אויך דאָ אנט־פלעקן זיך אינטערעסאנטע זאכן: מען קאָן אראָפּגיין צום כביש און באטראכטן „אמתדיקע" אויטאָס וואָס פליען פארביי; מען קאָן ארויפ־גיין אויפן בערגל און א קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אויף דער צווייטער זייט; מען קאָן שפּרינגען פון פעלדז אויף פעלדז. און אָט טרעפט זיך א זעלטענע מציאה: א גרויסער שטעכלער, א שטעכיקער און שרעק־לעכער. אָבער וואָס זאָל ער טאָן, אז ער האָט נישט קיין חבר, אים צו נעמען פאר א שותף צו דער דאָזיקער טיפער איבערלעבעניש?

אין א קורצער צייט ארום האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נייע משפחות. ערשט איז ער שוין דאָ נישט קיין בן־יחיד. ס'האָבן זיך אים אָפּגעפונען חברים. פון פארשיידענע מקומות זיינען זיי געקומען. און אָט זאמלען זיי זיך אין שאָטן פון דעם צווייגיקן בוש, און ס'נעמט קיין סוף נישט צו זייערע מעשיות. יעדעס קינד דערציילט וועגן זיין געבוירן־דאָרף. און זיי שאפן זיך שוין איין „אויטאָס" — רייפן און קורצע אייזערנע שטעקלעך, פארבויגענע ביי די שפּיצן — שטעלן אויף סטאציעס און געבן זיי אויך נעמען: חולדה, מרחביה, כנרת, דגניה. און זיי גאלאָפּירן און פליען, יעדער צו זיין געבוירנאָרט.

*

„און אז די געבורטשווייען וועלן מיך א כאפּ טאָן דאָ, אין געצעלט, אָן א דאָקטאָר, אָן געהעריקע הילף?" — גייט אויס דאָס הארץ פאר שרעק אין דער נאכט־שטילקייט. — „איז וואָס? — דיסקוטיר איך מיט זיך אליין, — אָט געבוירן דיינע שכנות אראבערינס אין שווערערע באדינגונגען ווי דיינע, וועט אויך דיך קיין בייז נישט געשעען".

כ׳האָב געבוירן, פאַרשטענדלעך, אין שפּיטאָל. אָבער איך מוז זיך אומקערן מיטן קינד אין געצעלט. קיין אנדער וווינונג איז נישטאָ. די פרילינג־נעכט זיינען קאַלטע. דאָס עופה׳לע שלאָפט שטיל־רואיק, אָבער מיין שלאָף איז צושטערט, און כ׳שטיי אויף א סך מאָל אין די נעכט איינצודעקן דאָס טעכטערל.

באזונדערס באשווערט מיך דאָס וואשן דאָס מיידעלע: דעקט מען ארום דאָס געצעלט פון אלע זייטן, איז נישט איבערצוטראָגן דאָס שטיקעניש, און כ׳בין אינגאנצן אָפּגעגאָסן מיט אנגסטן; און אויב לאָזן עס אָפן — בלאָזט א שטארקער ווינט. ביים ענדיקן דאָס וואשן און דאָס אָנזייגן טאַנען מיר די פיס, טוט וויי דער רוקן, און ס׳דרייט זיך דער קאָפּ.

כ׳באקום א ביסל געהעכערטע טעמפּעראַטור, כ׳שפיר שאַרפע שטעך אין ברוסט. דער דאָקטאָר, וואָס איז געקומען פון חיפה, דערקלערט: פּאַראומרייניקונג; טיף דאָרטן ציט־אָן א געשוויר; דער פּראָצעס וועט זיך פאַרציען; כ׳מוז ליידן ביז מען וועט מעגן עפענען די ווונד. די טעג ציען זיך און ציען; אין די נעכט אנטלויפט פון מיר דער שלאָף מחמת דעם שטאַרקן ווייטיק. אויך פונעם קינד איז צוגענומען געוואָרן די פריערדיקע מנוחה. לויט די סימנים, וואָס דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, איז דער געשוויר שוין „אויסגעצייטיקט״. איך טייל אים מיט וועגן דעם, און ער קומט אין דער בעגלייטונג פון א שוועסטער. דעם דאָקטאָר איז שווער זיך איינצואָרדענען אין געצעלט. „ממש אזוי ווי אויפן פראָנט״, וואָרטשעט דער דאָקטאָר, צי מיט אויפגעלייגטקייט, צי מיט פאַרדרוס. — „ס׳איז טאַקע א פראָנט, א פראָנט פון ארבעט און אויפבויען דאָס לאַנד,״ — באמערקט מיין חברטע, וואָס העלפט אים אין דער ארבעט.

דאָס אָרגאַניזירן דעם משק, דאָס אַנטוויקלען זיינע פאַרשיידענע געביטן און דאָס אויפשטעלן דאָס דאָרף אויף אידעאָלאָגישע פּרינציפּן איז אויסגעפאַלן אין אונדזער לעבן, דאָס לעבן פון מאַמעס, אין איין צייט מיטן געבוירן, אַנזויגן, פאַרען זיך מיט די קליינע קינדער און זיי דערציִען. דאָס איז פאַר אונדז געווען די שווערסטע תקופה אין דער געשיכטע פון נהלל, וואָס אַזאַ ווי זי האָבן מיר נישט געקאַנט. דער משק, באַזונדערס אויפן ערשטן שטאַפּל פון זיין אַנטשטיין, האָט געפאָדערט אַלע פעאיקייטן, פאַרפליכטעט צו פלייסיקייט. דאָס צו־פרידנשטעלן די גרונטיקסטע באַדערפענישן פון די קינדער ביי די באַדינגונגען פון אונדזער שווער לעבן האָט געפאָדערט פון דער מאַמען זי זאָל זיך אָפּגעבן אויסשליסלעך מיט די קינדער.

ווי זאָלן מיר מוותר זיין אויף דער באַטייליקונג אין די פאַרנאַכ־טיקע פאַרהאַנדלונגען, אָדער שבתדיקע פאַרזאַמלונגען? דאָרט דאַרפן דאָך געלייזט ווערן אַלע אונדזערע לעבנס־פּראָבלעמען אין דעם דאָרף וואָס האַלט זיך אין אַנטוויקלען. אויפן דאָזיקן שטאַפּל האָט זיך די מאַמע געצאַפּלט און געוואָרפן פונעם קינד צו די הינער, פון די הינער צו די קי, און ווידער צום קינד; צום גאָרטן און ווידער צום קינד, און ווידער דאָס אייגענע. מיטן שלאָפנדיקן קינד אויף די אָרעמס פלעגט די פרוי קומען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. קיין שום זאַך איז נישט אויסגעפירט געוואָרן פולשטענדיק, און די זעלבסטקריטיק האָט פאַראורזאַכט אַ שטייגנדיקע אומצופרידנקייט. ס'דאַכט זיך מיר, אַז אין יענער צייט האָבן מיר אויפגעהערט אונטער־צושיידן צווישן טאָג און נאַכט, צווישן פרימאָרגן און פאַרנאַכט — אַלע שעה'ען פון מעת־לעת האָבן זיך צוזאַמענגעמישט, די אַרבעט האָט זיך קיינמאָל נישט געענדיקט, זיך בלויז איבערגעריסן אויף אַ קורצן שלאָף.

אין יענער צייט פלעגן מיר ווידער־און־אָבער ארויפברענגען אויף אונדזערע אלגעמיינע פארזאמלונגען די פאָדערונג צו אָרגאניזירן א קינדער־ווינונג. דאָס דאָזיקע פראָבלעם האָט קיינמאָל נישט אָנ־גענומען דאָס געשטאלט פון אן ערנסטער באהאנדלונג: ס׳איז תמיד אָפּגעלייגט געוואָרן דורך די שטימען פון יענע צווישן אונדז, וואָס האָבן פון זיך אליין געזען ווייניקער פון אנדערע דאָס דערשלאָגנקייט פון דער מאמען, וועלכע ווייסט, אז זי דערפילט נישט אין א געניגנ־דיקער מאָס איר הויפט פליכט — די פליכט זיך אָפּצוגעבן מיטן קינד און זיין דערציאונג.

און היינט, ווען די דאָזיקע גאָרע ליידן געהערן שוין צו דער פארגאנגענהייט, און ס׳רינגלען מיך ארום מיינע קינדער, וואָס זיינען שוין אויסגעוואָקסן, שווימט נישט איינמאָל אויף אין מיין זינען די פראגע: צי איז באוויליגט געוואָרן דער קרבן פון דער יונגער מאמען? לטובת ועמעס פארדינסט איז געקומען דער פארלוסט פון אלט ווערן פאר דער צייט, דאָס פארלירן די זעלישע מנוחה? פארוואָס האָבן מיר נישט ערנסט געשטרעבט צו אנטשיידן דאָס דאָזיקע פראָ־בלעם באצייטנס? ס׳האָט אונדז פארכישופט דער לאָזונג: „אין אייגע־נעם משק קאָן אלץ דערגרייכט ווערן מיטן כוח פון פערזענלעכן אָנשטרענג!״ — און מיר האָבן זיך אים אונטערגעגעבן. מעגלעך, אז דער דאָזיקער לאָזונג איז א ריכטיקער און שיינער, אָבער דאָס פארווירקלעכן אים פאָדערט א גרויסן אוצר פון פיזישע און גייסטיקע כוחות און א באזונדערע אָריענטאציע.

# די ערשטע יאָרן

ווען מיר פאַרזאַמלען זיך, זיך צו דערמאָנען די ערשטע צייטן, דאָס אַרויפגיין אויפן באָדן, דעם אָנהויב פון בויען דעם משק און דאָס אויפשטעלן אַ משפחה, — איז עס נאַטירלעך, אַז קודם־כל זאָלן מיר דערמאָנען די גרויסע שוועריקייטן און דעם אָנשטרענג וואָס איבער אונדזערע כוחות; און ס׳וועקט זיך אַ ביסעלע ווילן זיך צו פאַרקלאָגן, און אפשר איז עס אויך נישט קיין וווּנדער ווען עס רינט אַראָפּ אַ טרער; אָבער די טרער איז אויסגעמישט מיט אַ פונק פרייד, וואָס מיר זיינען אימשטאַנד געווען דאָס אַלץ בייצושטיין.

און צייטנווייז גלייבסטו נישט זיך אַליין, אַז דו האָסט געקאָנט מוותר זיין אויף אַ גרויסן טייל פון דער נאַכט־מנוחה כדי אַרויס־צוענדיקן די טאָג־אַרבעטן! אַז דו האָסט געקאָנט אין אַזעלכע באַ־דינגונגען אויפהאָדעווען געזונטע קינדער און אויך זאָרגן אין אַ געוויסער מאָס צו פאַרשענערן די וווינונג און זיך קליידן; אַז ס׳האָט זיך דיר איינגעגעבן נישט צו פאַרזינקען אינגאַנצן בלויז אין די זאָרגן וועגן דעם משק און דער שטוב, נאָר אויך צו פילן אַז דו געהערסט צו אַ געזעלשאַפט, וואָס האַלט זיך אין בויען, וואָס האַלט אין באַשטימען אירע לעבנס־יסודות, און דו ביסט נישט בלויז אַ פּרט וואָס זאָרגט פאַר זיך אַליין, נאָר אַ טייל פון דער דאָזיקער געזעל־שאַפט, און דו דאַרפסט אָפּוועגן דיינע האַנדלונגען אין ליכט פון די באַדערפענישן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

די ערשטע יאָרן זיינעןווירקלעך געווען שווערע, און באַזונדערס פאַר דער פרוי, ווייל חוץ דער זאָרג וועגן דעם משק איז אויף איר געלעגן די זאָרג פאַר דעם טייערסטן — דעם קיום פון דער משפחה.

און דערפֿון די שטענדיקע אומרואיקייט און אומאויפֿהערלעכע גע־שפּאַנטקייט. ס׳זיינען געווען צייטן, ווען דער גוף מיט דער נשמה זיינען דערגאַנגען צו אזא מידקייט, אז ס׳האָט אויסגעוויזן, ס׳איז שוין מער נישט איבערצוטראָגן. אָבער דאָס האָט זיך בלויז אויסגעוויזן. די רפֿואה איז געווען אין דעם עצם לעבן, אין דאָזיקן לעבן; אין דאָזיקן משק, וואָס יעדן טאָג איז אין אים עפּעס געשאַפֿן געוואָרן, האָבן מיר אָפּגעפֿרישט אונדזערע כּוחות.

ווען איז אויסגעפֿאַלן די פֿאַרלייכטערונג אין אונדזער לעבן? מיר דאַכט זיך, אז די פֿאַרלייכטערונג איז געגאַנגען טראָט ביי טראָט מיטן דערציִען די קינדער, מיט די אויסבעסערונגען אינעם משק און דעם צופּאַסן זיך צו דעם אַרבעטסטאָג וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פֿון פֿאַרשיידענע אַרבעטן.

כ׳וועל דערציילן בלויז וועגן מאָמענטן, מאָמענטן וואָס האָבן געלייגט די פֿונדאַמענט־שטיינער פֿאַרן לעבן אין נהלל. און קודם־כּל — וועגן די מאָמענטן פֿון דער ערשטער לאַגערונג אין עין־בידה.

נאָך דער פֿאַרזאַמלונג אין עין־גנים, ווען מיר זיינען צוגעשטאַנען צו דער אַרבעטער־קאָלאָניע — האָב איך נישט געקאָנט פֿאַרבלייבן אין דגניה, ווייל כ׳האָב געוווּסט, אז איך געהער שוין נישט מער צום דאָזיקן אָרט. ס׳איז געקומען א קורצע איבערגאַנגס־צייט, אָבער כ׳וועל זי קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. א געפֿיל פֿון אזא אויסגעוואָרצלטקייט האָב איך נישט געשפּירט ביז דעמאָלט און נישט געוווּסט פֿון אַזעלכן שפּעטער.

מיר האָבן געדאַרפֿט וואַרטן ביזן אַרויפֿגיין אויפֿן באָדן — ס׳איז נאָך דעמאָלט נישט געווען באַשלאָסן אויף וועלכן שטח זאָל אַרויפֿגיין די ערשטע קאָלאָניע, און אין דער דאָזיקער איבערגאַנגסצייט האָבן מיר באַדאַרפֿט אָנזאַמלען א סכום געלט צו קאָנען אהערברענגען אין

לאנד אונדזערע עלטערן, וועלכע האָבן פאַרלאָזט אוקראאינע און געוואנדערט איבער די שטעטלעך פון בעסאראביע. דאָס איז געווען די תקופה פון די כבישים אין לאנד, כבישים וואָס זייער פלאסטערונג איז אָרגאניזירט געוואָרן דורך פארטייען. מיר זיינען צוגעשטאנען צו די חברים וואָס פלאסטערן דעם כביש חיפה—נצרת, די חברה „סלע". הינטער מיר זענען געווען די שטודיום־יאָרן אין רוסלאנד און שפּעטער דאָס לעבן אין דגניה, וואָס אין איר האָב איך אָפּגעפונען דאָס היימ־לאנד; פאר מיר — דאָס בילד פון א ניי לעבן. אָבער די דאָזיקע טעג פון אויפרייסן פעלדזן, פון קלאַפּן מיט האמערס אויף שטיינברוך, מענטשן קומען, מענטשן גייען אוועק — די דאָזיקע טעג זיינען געווען פאר מיר אָן אינהאלט און אינטערעס. יעדער טאָג איז געווען זייער לאנג, און אזוי איז געווען אויך די נאכט. מען פלאסטערט אויס עטלעכע קילאָמעטערס כביש און מען וואנדערט מיט די געצעלטן ווייטער.

אָבער מיט דער כביש־ארבעט האָט זיך נאָכנישט פארענדיקט די איבערגאנגסצייט. מיינע עלטערן זיינען געשטאנען אויף דער שוועל פון לאנד. כ'האָב נישט געקאָנט שלום מאכן מיטן פאקט, אז דאָס ערשטע אָרט זייערס אין לאנד זאָל זיין א כביש, און כ'האָב זיך „איינגעאָרדנט" מיטן קינד אין חיפה. דאָס איז געווען א באזונדער מין „איינאָרדנונג": א לערער א פריינד האָט געשטעלט אין אונדזער רשות אין דער פעריען־צייט דעם שול־בנין. דאָס איז געווען א גרוי־סער און אלטער בנין אין אן אראבישער געגנט, און מ'האָט געדארפט דאָרט שאפן עפּעס אן אילוזיע פון א „הויז" אויפצונעמען די עלטערן. ביי דער גאנצער פרייד פון דער דאָזיקער באגעגעניש זיינען אויך יענע טעג געווען שווערע. אונדזערע ערשטע חברים זיינען שוין געווען ארויפגעגאנגען אויף גבעת־מהלול, און איך קאָן זיך נאָכנישט

אוועקרירן פון דאָזיקן הויז, פון לערן־הויף. און מיין זון פּיבערט. און די זאָרג איינצואָרדענען די עלטערן דריקט.

און אָט האָט זיך דערנענטערט און איז געקומען יום־כּיפּור. אין דער־אָ שול איז איינגעאָרדנט געוואָרן א מנין. אין אונדזער צימער האָבן ארייננעדרונגען די קולות פון די מתפּללים, און מיר איז ביטער אויפן הארצן, און מיין תפילה איז אן אנדערע. איך באשליס: כ׳וועל נאָכאמאָל מעסטן די טעמפּעראַטור, כ׳וועל נעמען דאָס קינד, און מיר וועלן זיך רירן פון דאנען — און אזוי האָבן מיר געטאָן. דאָס קינד איז געווען בלאס און שוואך, נאָר קיין היץ האָט עס נישט געהאט. מיר האָבן באשלאָסן אוועקצוגיין תיכף־ומיד און לענגער נישט ווארטן. מיר האָבן זיך געשעמט אוועקצוגיין פאר די מתפּללים אין די אויגן מיטן פּעקל אין האנט. האָבן מיר אראָפּגעלאָזט אונדזערע זאכן דורכן פענצטער אין הויף אריין, דערלאנגט דעם קינד אונדזערע הענט — א האנט דעם טאטן און א האנט דער מאמען — און געזאָגט א זיי געזונט חיפה. שפּעטער, ווען מיר זיינען פארבייגעפאָרן אין צוג לענגאויס דעם געפלאסטערטן כביש, האָבן מיר זיך אויך מיט אים צופרידן געזעגנט.

מיר האָבן אויסגעשטיגן אויף דער סטאציע תל־שמם. וויסט און פארוואָרלאָזט איז געווען דאָס אָרט, און גבעת־מהלול ווייט. די היץ איז גרויס און מיר העלפן דעם שוואכן קינד בייצוקומען דעם דאָזיקן וועג. און ווען מיר זיינען געקומען אויף א שטח וואָס איז באצייכנט געווען אויף דער מאפּע מיטן נאָמען עין־בידה, האָט אונדז דאָס אָרט אויסגעזען שיין און פריש צום באוווּנדערן. ס׳איז דאָ אויף דעם א קוואל פרישע וואסער, ציטרין־ און פייגנביימער, בושן, ווילדע יאגעדעס און דער עיקר שאָטן, שאָטן וואָס פארבעט זיך אָפּצורוען. מיר האָבן אנידערגעלייגט דאָס פּעקל אונטער א פייגנבוים, און דאָס

קינד, ווי די כוחות וואָלטן זיך אים צוריקגעקערט, האָט אָנגעהויבן זיך דראפּען אויף די ביימער און רייסן יאגעדעס. דער טאטע איז איינ־געשלאָפן — און איך — אויף מיר האָט אראָפּגענידערט עפּעס א זעלישע רואיקייט, וואָס אזעלכע האָב איך שוין לאנג נישט געפילט. דאָס איז געווען יוגנטלעכע רעגונג קעגן דער צוקונפט. דאָס איז נישט געווען בלויז פרייד פון נייעם לעבן, — דאָס איז געווען א געפיל פון גרויסער פאראנטוואָרטלעכקייט און א בטחון־געפיל פון באשטענ־דיקייט. ווי טיף אין מיר וואָלט געגרעדט א שטים: דאָ וועסטו בויען דיין לעבן, אויפן דאָזיקן שטיקל באָדן וועסטו האָדעווען און דערציען דיינע קינדער. אזוי איז עס און נישט אנדערש!

ס'איז שוין אריבער אַ האלבער יובל יאָרן, און כ'געדענק נאָך גוט יענע צייט פון עין־בידה. דאָס איז געווען די צייט פון דעם געפיל פון גרויסער אחריות. און דער דאָזיקער געפיל פון אחריות איז נישט פארשוווּנדן אין צייטן פון פרייד און אין צייטן פון טרויער. ער באגלייט מיך אויך היינט, ווען מיר זיינען געקומען זיך דערמאָנען און אָפּשאצן די פארגאנגענע יאָרן.

## אין נצרת

ווי זיינען מיר געקומען צום געדאנק צו ווינען אין נצרת? — די ערשטע וואָס זיינען ארויף אויף דעם בערגל זענען געווען זעקס און צוואָנציק דערוואַקסענע און איין זיבניעריק יינגל. די איבעריקע משפּחות מיט די קינדער האָבן געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט ארויפצוציִין. עס זיינען געווען פיל קווענקלענישן בנוגע דער זיכער־קייט אויפן נייעם אָרט, וואָס איז אָפן צו אלע זייטן. ס'זיינען אויך

געוועז איבערטראכטעניש וועגן קראנקהייטן, באזונדערס וועגן מאַ־לאַריע און טיפוס, וואָס האָבן געהערשט ביי אונדזערע שכנים. עס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן פאַרשיידענע פאָרשלאָגן צו קאָנצענ־טרירן די מאמעס מיט די קינדער אויף איין אָרט, כדי די מאנסבילן זאָלן קאָנען זיך אָפּגעבן מיט די ארבעטן פון דרענאזש, אקערן און כביש־פלאסטערונג. חיפה איז געווען גענוג ווייט אין יענע צייטן, די צייטן פון פאָרן מיט וועגענער אויף די שלעכטע וועגן; אויך די הוצאות זיינען געווען גענוג גרויסע. מיר האָבן געפּרוּווט אונטער־האנדלען מיט אונדזערע שכנים די דייטשן פון וואלדהיים און בית־לחם, וועלכע האָבן געהאט רחבותדיקע צימערן, אָבער זיי האָבן אונדז באגעגנט מיט פארדאכט און אומווילן. האָבן מיר זיך געוואָנדן קיין נצרת.

דאָס באגעגעניש מיט די אראבער פון נצרת איז געווען א זייער פריינדלעכע, זיי האָבן זיך באמיט צו העלפן אונדז ביים ארומזוכן דירות און ארויסגעוויזן פיל הארציקייט. מיר האָבן געזוכט א שטארק אָפּגעזונדערט אָרט. איינער פון די באלעבאטים האָט צוגעזאָגט פריי צו מאכן פאר אונדז זיין שטוב ביים אריינקום קיין נצרת, אויף א הויכן און שיינעם פלאץ. מיר האָבן געדונגען נאָך א שטוב, אויך אן אָפּגעזונדערטע. אָבער די משפחות האָבן זיך נישט געאיילט אריבער־צופּעקלען קיין נצרת. דערווייל זיינען זיי געקומען אויפן „פונקט" און זיך איינגעאָרדנט אין געצעלטן. ווען ס'האָט זיך דערנענטערט דער צווייטער נאָוועמבער, האָבן זיך פארשפרייט קלאנגען אז די אראבער פון מהלול גרייטן זי איבערצופאלן דעם נייעם יידישן פּונקט און אים חרוב מאכן. האָט זיך ווידער פארשארפט דער וויכוח וואָס צו טאָן מיט די קינדער. און דעמלט האָבן די חברים דערקלערט, אז ס'וועט נישט זיין קיין שום מעגלעכקייט צו באשיצן דעם פּונקט,

אויב די מאמעס מיט די קינדער וועלן זיך געפינען דאָ אויפן אָרט.

ס׳געדענקט זיך מיר גוט יענער פרימאָרגן, ווען מ׳האָט ארויפגעזעצט אויפן וואָגן מיין זון און מיין מאמע, און נאָך זיי זיינען ארויף אויך איך און חנה: בעצער, דער באַלעגאָלע, האָט אונדז גענומען צו זיין משפחה קיין מרחביה (די שטוב אין נצרת איז נאָכנישט פריי געווען). אויך אין מרחביה זיינען מיר יענע נאכט, דעם צווייטן נאָוועמבער, געשטאנען אויף דער וואַך און גרייט געווען אויף אַן איבערפאַל פון זרעין. אָבער פון מרחביה האָבן מיר זיך שוין נישט צוריקגעקערט אויפן פונקט, און אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה נצרת.

די נצרת־תקופה האָט געדויערט נישט מער ווי אכט חדשים, אָבער ווי זי וואָלט זייער לאנג געווען. די ווינטערדיקע טעג און נעכט אין א פרעמדער שטאָט, אָן האָבן וואָס צו טאָן און אינטערעס, האָבן געדריקט אויפן געמיט. די קינדער האָבן מיר כמעט נישט ארויסגעלאָזן פון שטוב. אין שטוב האָבן מיר אויך איינגעאָרדנט דעם קינדערגאָרטן און אונדזער ערשטע שול פאר אלע אונדזערע קינדער פון פארשיידענעם עלטער. דער קינדערגאָרטן איז אין יענער צייט געווען דאָס וויכטיקסטע אין אונדזער לעבן. מיר האָבן געמאכט אין אים אלע מעגלעכע אויסבעסערונגען. ס׳האָט זיך אויך אָפּגעפונען א קינדערגערטנערין — מלכה בנצור — וועלכע האָט געטאָן ממש א פיאָנערישע ארבעט, זיך פארשפארט צוזאמען מיט די קינדער און זיי איבערגעגעבן איר גאנצע ענערגיע און קענטעניש. דאָס איז באמת געווען א קינדערהיים וואָס האָט באפרידיקט אלע באדערפענישן פון די קינדער און זיי פאראייניקט אין אַן ערשטן קינדער־קאָלעקטיוו. ביים פייער פונעם קינדערגאָרטן האָבן אויך מיר זיך א ביסל אָנגעוואַרעמט.

ווען ס׳האָבן אויפגעהערט די רעגנס, אין איינעם א פרילינג־טאָג,

איז געמאכט געוואָרן א געוואגטער שריט. פופצן קינדער אין עלטער פון צוויי יאָר מיט א האלבס ביז אכט האָבן זיך אויסגעשטעלט פאָרלעך־ווייז, זײַנען ארויסגעגאנגען פון הויף, און וועלכן מיר זײַנען פאר־שפארט געווען די ווינטער־חדשים, פארבייגעגאנגען מיט געזאנג די גאס פון אונדזערע שכנים, באגלייט פון בליקן פון פארוואונדערונג און נייגער. אין א שעה ארום האָבן מיר זיך אומגעקערט אהיים אָפּ־געפרישטע און באנייטע. דאָס איז געווען א מין נצחון־מארש.

אינצווישן האָב איך געהאט צו זאָרגן וועגן זיך אליין, כ'בין געווען שוואנגער, און ס'האָט זיך דערנענטערט די צייט פון געבוירן. כ'האָב אויפגעהערט אראָפּצוגיין צו אונדזער באזעצונגס־פונקט און געווארט אויף די קומענדיקע פון דאָרט, פון דעם נייעם היימלאנד. כ'בין פול געווען מיט דער זאָרג, ווו וועל איך געבוירן. א שפּיטאָל איז געווען נאָר אין ירושלים. אין נצרת איז געווען א מיסיאָנערישער שפּיטאָל מיט א דאָקטאָר וואָס רעדט א גוט רוסיש. כ'האָב זיך געוואָנדן צו אים. ער האָט מיר צוגעזאָגט יעדע מין הילף, געזאָרגט פאר מיר און אין איינעם א טאָג אויך געוויזן דאָס צימער וואָס איז פאר מיר פאָר־גרייט. איך האָב שוין כמעט מסכים געווען. מיטאמאָל האָב איך זיך ארומגעקוקט און דערזען דאָס בילד פון יעזוסן מיט צעשפּרייטע הענט איבער דעם בעט וואָס איז פאר מיר צוגעגרייט, און ס'האָט מיך ארומגעכאפּט א געפיל פון פרעמדקייט. כ'האָב זיך געזעגנט מיטן דאָקטאָר און געוווסט אז כ'וועל צוריק שוין נישט קומען. כ'בין אראָפּגעפאָרן קיין חיפה, און דאָרט, אין א פריוואט הויז, איז געבוירן געוואָרן דאָס טעכטערל.

נאָכן געבוירן בין איך שטארק פארקראנקט געוואָרן, און מ'האָט מיר נישט דערלויבט בלייבן אין נהלל, הגם די מערהייט חברות זײַנען שוין נישט געווען אין נצרת. איך האָב געדארפט זיך אומקערן

אין יענער אָפּגעזונדערטער שטוב, און ווידער געמוזט האָבן א שפּי־טאָל, בין איך געפאָרן קיין ירושלים.

איך האָב בכלל נישט ווייניק געקרענקט אין מיין לעבן, אָבער די צייט פון מיין קראנקהייט אין נצרת איז פארבליבן אין מיין זכרון ווי די צייט די שווערסטע. דאָס פרעמדקייט פונעם אָרט און די איינזאמקייט האָבן פארגרעסערט מיין ווייטיק. און ווען ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען כ׳האָב געקאָנט נעמען דאָס עופה׳לע אויף מיינע הענט און זיך לאָזן צום וועג וואָס פירט צו אונדזער פונקט, האָט זיך מיר געדאכט אז אלץ שמייכלט צו מיר, און די זונשטראלן גלעטן מיך און מיין טעכטערל מיט א באזונעדר ווארעמקייט.

אין יאָרן ארום האָב איך געפרעגט זיך אליין — צי איז באמת נייטיק געווען אין אונדזער לעבן די דאָזיקע תקופה, נצרת? מיר דוכט זיך אז מען האָט געקאָנט אויסמיידן די דאָזיקע איבעריקע ליידן. דאָס פעלן פון דעם געפיל פון ערשטיקייט האָט מיך באגלייט אין משך פון יאָרן. ערשטיקייט קערט זיך נישט אום. און הגם איך פלעג פון צייט צו צייט אראָפּפאָרן פון נצרת קיין גבעת־מהלול, און בין אפילו געבליבן דאָרט אמאָל נעכטיקן, האָב איך געוווּסט, אז איך לעב נישט מיט איר לעבן ווי די חברים וואָס זיצן אויפן אָרט. דאָ איז יעדן טאָג עפּעס געשאפן געוואָרן — בייטאָג אין דער ארבעט און פארנאכט אין די פארהאנדלונגען וועגן דעם צוקונפטיקן לעבן. צו אונדז, קיין נצרת, פלעגן דערגיין בלויז עכאָס; און ווי פלעגן מיר עס ווארטן אויפן שבתדיקן טאָג, די חברים זאָלן קומען און דערציילן וועגן דעם אָפּגעטאָנענעם! די חברים פלעגן קומען מידע פון דער וואָך ארבעט און דעם שווערן לעבן פון געצעלטן־איינוווינער. דאָס געמויערטע דערוואַרעמטע הויז און די איינגעאָרדנטע קינדערישע בעטלעך האָבן אויסגעזען ווי א רואיק און אָנגענעם ווינקל, ווו מען

קאָן אָפּרוען או צו פרישע כוחות קומען. צייטנווייז פלעגט דערציילט ווערן וועגן דעם וואָס קומט פאָר אויפן „פונקט" מיט פוילעכן אומ־חשק; דאָס דערציילן פלעגט נישט צופרידנשטעלן און נאָכמערער וועקן דעם באגער מורד צו זיין, צו פארלאָזן דאָס באקוועמע ווינקל און צוזאמען מיט אלע קנייטן די בלאָטע פונעם ערשטן ווינטער, זיך איינהאָרכן אין די נעכט אין דעם יאָמערנדיקן ווינט, זיך שרעקן טאָמער וועט זיך דאָס געצעלט איבערקערן און געשפאנט אָנשפיצן די אויערן צוזאמען מיט די שומרים פונעם פונקט.

# יאָרן פון ווּקס

ווען איך פארטראכט זיך היינט איבער דער נאָענטער פארגאנגענהייט, איבער די זיבן יאָר לעבן אין נהלל, זע איך אז קיין גרויסע זאכן זיינען אונדז נישט געשען, אָבער נישט ווייניק איז געשאפן געוואָרן דורך מענטשלעכע הענט. כ'דערמאָן זיך ווי זעמדל נאָך זעמדל האָבן זיך פאר אונדזערע אויגן ביי די ברעגן פון טייך אויפגעהויבן הויכע זאמד־בערגלעך; אזוי איז אויך אין מיין לעבן, פאר יענע לעצטע יאָרן, אויפגעשטעלט געוואָרן פון זעמדלעך שווערער מי א משק מיט אן אייגענער פיזיאָגנאָמיע, איז אויפגעשטעלט געוואָרן א משפחה וואָס פארמאָגט איר אייגן געשטאלט און טראדיציע. ס'קאָן זיין, אז איך בין מגזים אָט אין דער שעה פון חשבון־הנפש, אָבער כ'פיל קלאָר, אז די אלע יאָרן האָב איך נישט פארגעסן, אפילו נישט אויף קיין רגע, אז איך בין א מאמע און אן עקרת־הבית.

נהלל אינגאנצן איז געבויט און עקזיסטירט — נישט דורך עמעצנס

ווילן, נאָר לויט איר עצם וועזן — אויף משפּחה־יסודות. ס'וועט אפשר אויסזעען מאָדנע, וואָס מענטשן ווילן אויפבויען א בנין אויף יסודות, וואָס האָבן שוין געגומען איינפאלן, אָבער דאָס לעבן פון נהלל איז געבויט אויפן פונדאמענט פון משפּחה, און דאָס פאַרטוישט נישט די פּרוי, נאָר שטעלט זי בולטער ארויס.

דער אויסערלעכער געבוי פון נהלל — א צענטער און זיין ארומ־קרייז — קאָן סימבאָליזירן אונדזער לעבן. אין צענטער שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן; דאָרט קומען פאָר די פאַרזאמלונגען, זיצונגען פון פאַרשיידענע קאָמיסיעס, דאָרט לייזט מען פּראָבלעמען, באשטעטיקט מען תקנות. דאָרט איז דאָס דאָזיין פון דער פרוי נישט קאָנטיק. דער קרייז איז צעטיילט אויף באזונדערע קעמערלעך, און יעדער קעמרל — א באזונדער משק. און דאָ איז רייך און ברייט דאָס לעבן פון דער פרוי.

אמת, נישט פון ערשטן מאָמענט אָן פון דער גרינדונג פון נהלל איז באשאפן געוואָרן די דאָזיקע באזונדערע פרויען־וועלט. ס'איז געווען א קורצע תקופה פון א בשותפותדיק לעבן, די תקופה פון ווארטן אויף דער באָדן־צעטיילונג. אָבער די דאָזיקע תקופה רעכן איך נישט אריין אין חשבון, ווייל ערשט נאָכדעם ווי דער זיך באזעצנ־דיקער גייט ארויף אויף זיין באָדן הויבט זיך אָן דאָס אמתע לעבן פון נהלל.

אין יענער צייט איז אָן אויסגעוויילטע קאָמיסיע געזעסן טאָג און נאכט און האָט זיך באשעפטיקט מיט אויסארבעטן פּלענער, מיט זוכן לייזונגען, מיט לייגן יסודות פאַר א ניי לעבן, א לעבן פון א יידיש דאָרף. די באטייליקונג פון דער פרוי איז נישט קענטיק געווען אין די דאָזיקע אָנשטרענגונגען.

א שורה צריפים, אָפּגערוקט איינער פון אנדערן צוואַנציק מעטער און זייער ענלעך איינער צום צווייטן; ארום איז אלץ אנטבלויזט, נישט קיין צוים, נישט קיין בוים, און אין יעדן צריף געפינט זיך א משפחה מיט אירע קינדער און איר ווירטשאַפט — דאָס איז געווען די שווערסטע תקופה, באזונדערס פאר דער פרוי. די מענער האָבן געארבעט צוזאמען, געטרוקנט זומפּן — א מעכטיקע אונטערנעמונג לויט איר פארנעם און רעזולטאטן — און אויפגעאַקערט פעלדער, וועלכע זיינען נאָכנישט אָפּגעצייכנט געוואָרן. דער בודזשעט איז נאָכנישט דערהאַלטן, די קי נישט געקויפט, דער גאָרטן נישט ארומגעצוימט, און קיין וואסער איז נישטא.

די לעבנסמיטלען פלעגן געגעבן ווערן אין א קנאַפּן כמות, לויט דער צאָל נפשות. אפילו איבער א טראָפּן בוימל און נאפט פלעגן מיר ציטערן. באקומען אלץ וואָס נייטיק איז, אָנגעהאָדעוועט די קינדער, אָנגעקליבן האָלץ, דערוואַרעמט וואסער צום וועש און באָדן די קינדער, געוואַשן זיי און געלייגט שלאָפן, פארשטעקט די שפּאלטן און לעכער אין טיר־און־פענצטער — און דער טאָג איז שוין אריבער, א טאָג פון פארמאַטערנדיקער און אומפּרוכטבארער מי. און דערנאָך, ווען דו לייגסט זיך אין בעט אריין, קומט אויף א געדאנק: „מאָרגן דאַרף מען אָנהויבן פונס׳ניי". און ס׳טרעפט אז עס דערקוטשעט דיך א מחשבה: „וואָס איז עס פאר א כוח וועלכער צווינגט אונדז טאָג־טעגלעך צו שטיין אויף דער וואַך פון די דאָזיקע קליינינקע פריוואַטע ענינים? ווו איז דער פאָדעם וואָס פארבינדט? און צי איז ער גענוג פעסט?" די דאָזיקע תקופה איז, פארהעלטניסמעסיק, געווען א קורצע אָבער איר געדעכעניש איז איינגעקריצט אין מיר, ווי דאָס געדעכעניש פון אן אומענדלעכן חמסין־טאָג אין עמק־הירדן.

די ערשטע פרויען־ארבעט וואָס האָט געגעבן רעזולטאטן, איז

געווען דאָס האָדעווען געגנדז. פּאַרוואָס דווקא געגנדז, איז מיר היינט נישט קלאָר, אָבער דעמלט האָבן מיר זיך אַלע אָנגעכאַפּט פאַרן דאָזיקן געדאַנק מיט התלהבות. מיר דאַכט זיך אַז אין סך־הכל האָבן מיר קיין סך נחת דערפון נישט געהאַט, יעדנפאַלס נישט איך. געגנדז האָבן ליב פרייהייט, אומאָרדנונג, גענזעלשאַפט. אַריינצוצוּנעמען זיי יעדן פאַרנאַכט אין שטוב, אונטערצושיידן צווישן „אייגענע" און „פרעמדע", איז נישט קיין לייכט און נישט קיין אָנגענעם שטיקל אַרבעט. אמת, אַז צייטנווייז, ווען כ'פלעג אַרויסגיין ביינאַכט אויפן הויף, דערזעען־דיק ווייסע פלעקן אויפן טונקעלן פאָן, דערהערנדיק דאָס גאָרגלדיקע געאָגערן — פלעגט א וואַרעמע האָפנונג־כוואַליע א פלייץ טאָן אויפן האַרצן, דאָס איז געווען די ערשטע באַגריסונג פונעם אויפגייענדיקן משק.

ס'איז אַריבער די תקופה וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שעפערישקייט און גיט נישט קיין באַפרידיקונג. ווען ס'איז דערהאַלטן געוואָרן דער ערשטער בודזשעט, האָט דער משק אָנגעהויבן צו גיין שנעל פאָרויס. ס'זיינען געקויפט געוואָרן קי, אמת אַראַבישע קי, וואָס געבן נישט קיין סך מילך, אָבער פאָרט קי, און זייער מרוקען לאָזט זיך הערן, און די מילך ווייסלט אין די טעפּ. מ'האָט געבויט און פאַרריכט, געהאָדעוועט הינער און אינדיקעס; געפלאַנצט סעדער און וויינ־גערטנער; געגראָבן, פאַרזייט און באַוואַסערט גרינצייג. אַלץ אַרום האָט געזאָטן, אַלץ האָט געררוישט, אַלץ האָט געפאָדערט הענט און איבערגעגעבנקייט. די אַרבעט האָט פאַרשלונגען אַלע געדאַנקען, אַלע פאַרלאַנגען.

יאָרן פון וואַקסן און שפּראָצן דאַרף מען אָנרופן די דאָזיקע יאָרן. ס'וואַקסן די קינדער, ס'וואַקסט די צאָל קעפּ אין שטאַל, ס'פאַרמערן זיך די עופות אין לול, ס'רייסן זיך אין דער הייך די ביימער־קרוינען

אין סאָד, ס׳ברייטערן און ציען זיך אויס די טרויבן־צווייגלעך אין ווייגאָרטן.

שטרעקעס פאר אמתער, שעפערישער ארבעט האָבן זיך אנטפלעקט פאר דער פרוי.

## דערציאונגס־שוועריקייטן

נאָך איידער מיר זיינען ארויפגעגאנגען אויפן באָדן, נאָך איידער ס׳איז געווען דער ערשטער „מנין" קינדער, וואָס ס׳איז געקומען זייער צייט זיך צו זעצן אויף דער שולבאנק, האָט זיך שוין ביי אונדז אָנגעהויבן דאָס באהאנדלען דאָס דערציאונגס־פּראָבלעם. די וועג־צייכנס, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט אין די יאָרן פון אונדזער לעבן אין דער קבוצה, האָבן געפאָדערט אן ענדערונג. היינט האָט זיך דער עיקר געפאָדערט פון דער דערציאונג צו געפינען דעם צונויפגוס צווישן צוויי כוחות, דעם באזונדערן לעבנס־כוח פונעם יחיד און דעם כוח פונעם קאָלעקטיוו, וועלכער שטרעבט צו צוזאמענ־גיסונג און שותפותדיקייט, וואָס נישט שטענדיק דעקן זיי איינער דעם אנדערן און נישט שטענדיק איז די מאָס פון זייער פאָדערונג אן אלצאייִנע. מיר האָבן זיך געמאטערט אויפצוקלערן די אויפגאבע פון דער שול — צי איז זי נישט מער ווי אן אָרט זיך איינצושאפן ידיעות, אָדער איר יסוד איז איר דערציערישע טעטיקייט, וואָס איר צוועק איז דאָס צוגרייטן א מענטשן, אין וועלכן ס׳נייטיקט זיך די געזעלשאפט. די דאָזיקע אויפקלערונגען האָבן באהערשט אונדזערע פיל פארזאמ־לונגען, געווידמעטע דערציאונגספראגן.

מיר האָבן באשטימט אכט לערניאָרן און שפּעטער צוגעגעבן נאָך

צוויי יאָר אויף זייער פאַרפּולקאָמונג. צען אָפּיציעלע לערניאָרן, אָבער אינדעראמתן ווייניקער דערפון. א סביבה וואָס לעבט אינגאנצן פון פיזישער ארבעט איז נישט מסוגל צו שאפן פארן קינד א גינסטיקע אטמאָספער פאר לערנען. דאָס פעלד, דער דרויסן, די געשעענישן אין משק רעדן פאַרבאָרגענערהייט צום קינד, פארנארן אים און ציען צו. און די גרעסערע, וועלכע פארשטייען שוין די פאָדערונגען פונעם משק און זיינע באדערפענישן, זיינען נאָך ווייניקער גרייט זיך צו פארנעמען מיט כסדרדיקער ארבעט אין שול. נאָך מער, דאָס קינד איז נישט אימשטאנד צו באנעמען דעם שייכות צווישן די פיל לימודים און דעם לעבן וואָס שטייט אים פאָר, און נישט איינמאָל וווּנדערט ער זיך און שטוינט איבער זיין לערע און ס׳דאכט זיך אים, אז אויך אָן איר איז ער מסוגל צו זיין א גוטער פויער. הייסט עס, אז נישט בלויז צוליב א בודזשעט־מאָטיוו האָבן מיר באשטימט האלבע טעג פאר די לימודים אין די העכערע קלאסן.

ביי די דאָזיקע באדינגונגען פארשטייט זיך, אז אונדזער שול האָט גענומען אויף זיך א פיל באשיידענערע אויפגאבע — איינפלאנצן עלעמענטארע ידיעות, צו־ביסלעך פון יעדן געביט. זי ווייזט נישט קיין איינגענג, קיין קוועלן, און אוודאי דרינגט זי נישט אריין גאָר טיף אינעווייניק; ווי זי וואָלט דערלאנגט בלויז די שליסל. און גראָד צוליב דעם איז די אויפגאבע נישט זייער לייכט. עס ווערט פון איר פארלאנגט צו אנטוויקלען אין דעם קינד דעם דורשט צום וויסן, דעם ווילן צו פאָרשן.

אונדזערע קינדער זיינען געזונטע און עמפינדלעכע; דאָס אויג כאפּט אויף א סך, די סביבה איז א קולטורעלע, און דער אויער נעמט אויף פארשיידענארטיקע באגריפן, און ממילא שטעלן די קינדער א סך פראגן. דערפון די נויטווענדיקייט אין לערער מיט ברייטער בילדונג,

זיי זאָלן קאָנען צופרידנשטעלן די אומאויפהערלעכע פאָדערונג פון די קינדער. און מיר האָבן געהאַט אויסגעצייכנטע לערער, א קלײנער טייל פון זיי יחידי־סגולה אין לאַנד. דער שול אין נהלל זיינען געגעבן געוואָרן די באַדינגונגען צו זיין איינע פון די בעסטע דערציאונג־אַנשטאַלטן אין לאַנד — ווען די לערער וואָלטן געווען זיין געבונדן און פאַראייניקט צווישן זיך דורך איין ציל: אויפצובויען די שול אין ערשטן יידישן דאָרף אויף נייע יסודות. לויט מיר, האָט דאָס דאָרף געטאָן אַלץ צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, און פונדעסטוועגן האָט זיך עס אונדז נישט איינגעגעבן. דווקא אָט דער אינדיווידואַליזם, וואָס אין זיין נאָמען זיינען מיר געגאַנגען אויפבויען דאָס דאָרף — ער האָט עס אין אונדזערע לערער דערגרייכט אַזאַ גוזמאַדיקע מאָס, אַז ס׳האָט זיך שוין נישט געפונען קיין מעגלעכקייט פון געמיינזאַמער אַרבעט. און די קאָמיסיע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צו שאַפן א בריק צווישן דער געזעלשאַפט און שול־לערער — איז די לעצטע יאָרן געוואָרן ממש א געריכט־קאָמיסיע פאַר די שול־לערער צווישן זיך אַליין.

ס׳איז איבעריק פיל צו ברייען, כדי אויפצוקלערן וואָס פאַר אַן איינפלוס די דאָזיקע באַציאונגען צווישן די לערער האָבן געהאַט אויף די שילער. די שול איז שרעקלעך געפאַלן. די קינדער זיינען ווי פאַר־ווילדעוועט געוואָרן. און ס׳געדענקט זיך די צייט ווען דער פּעדאַגאָ־גישער ראַט פלעגט אָפּזיצן שעה׳ען און באַהאַנדלען די פראַגע ווי אַזוי צו באַוואָרענען דאָס שול־פאַרמעגן אין דער וואַקאַציע־צייט, אַז די קינדער אַליין זאָלן נישט דערפון קיין תל מאַכן. יענץ געווער אין די הענט פון די דערציער, דאָס באַאיינפלוסנדיקע וואָרט, האָט אויפגעהערט צו ווירקן; נישט דערפאַר ווייל עס האָט פאַרלוירן זיין אינהאַלט, נאָר ווייל די דערציער גופא האָבן אויפגעהערט צו גלייבן

אין זיין כוח. דער קנאפּער חשק צו לערנען און באַנעמען, וואָס די קינדער האָבן געבראַכט אין שול אריין — איז אין דער דאָזיקער אַטמאָספער צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך. נישט איינמאָל האָבן קינדער פארלאָזן די שול און זיך געטרייסט מיטן קלאפּן מיט דער מאַטיקע אין גאָרטן.

פאר דעם דאָזיקן צושטאנד איז געווען א גלאַנץ־תקופה אין לעבן פון דער שול אין אירע ערשטע יאָרן. די צוויי ערשטע ארויסלאָזן זיינען געווען פּרעכטיקע אין נהלל, אין זיי איז פארווירקלעכט געוואָרן די האָפנונג פון א לערער בחסד־עליון, א מענטש פון הויכן גייסט, א טרוימער וועגן א נייעם וועג אין דער דערציאונג, וועלכער האָט געווירקט און גרויסע זאכן אויפגעטאָן צוליב דער דאָזיקער וויזיע. אָבער מיטן אויסברייטערן זיך פון דער שול האָבן זיך אָנגעהויבן די רייבונגען צווישן די לערער. און אונדזער שלימער מזל האָט גורם געווען, אז נאָך פיר יאָר זינט איר גרינדונג איז נישט געווען קיין אנדער אויסוועג ווי נאָר ליקווידירן די עקזיסטירנדיקע שול און אָנהייבן פון ס׳ניי, ס׳הייסט — אָנשטעלן א קאָלעקטיוו נייע לערער אין לאנד, וועלכע קענען נישט איינער דעם צווייטן. ס׳איז זיי שווער געווען דאָס צופּאסן זיך, אָבער פיל מאָל מער איז שווער געווען די קינדער, באזונדערס אין די העכערע קלאסן. ווי זיי וואָלטן אָנגעווירן זייער היימלאנד. און אין דעם צושטאנד איז זייער באציאונג צו די לערער געווען, ווי די באציאונג צו א שטיפמאמען. דעם לערערס יעדער שריט פלעגט אויסגעטייטשט ווערן נישט לטובת אים. די קינדער האָבן זיך פאראייניקט אין דעם געפיל, אז מען איז זיי מסיג־גבול, מע בארויבט זייער פרייהייט. א הארב ווערטל פון איינער א שילערין — „מיר זיינען שילער, און נישט קיין יונגע פארברע־כער״ — האָט זיך שטארק פארשפּרייט, און ס׳איז בייטיק געווען אַן

ערנסטע און פּאַרנונפטיקע הילף מצד די עלטערן אויף צו מילדערן די האַרבקייט פון יענע שווערע יאָרן. און נישט תמיד האָט זיך די דאָזיקע הילף געפונען, און נאָר די פעאיקייט פון די קינדער אונטער־צושיידן וואָס גוט איז האָט געגעבן דאָס מעגלעכקייט אָנצוהויבן אין א היפּשער צייט ארום אַן אָנגעשטרענגטע ארבעט אין די קלאַסן. און מען דאַרף אויך אָפּשאַצן די דערגרייכונגען פון די לערער. מיר האָבן נאָכנישט געהאַט א יאָר ווי דאָס, לויט די גוטע רעזולטאַטן אין די לימודים. אָבער בייַנאַנד מיטן נצחון זיינען אויך געווען אבידות — ס׳איז באַזיגט געוואָרן דאָס קינד אין זיין ווילדקייט, אָבער ס׳האָט זיך אויך אויסגעלאָשן אין די אויגן דער לעבעדיקער פונק, וואָס זאָגט צו עפּעס־וואָס איבערגעווייַנלעכס; ס׳איז געוווּנען געוואָרן דער וועג ווי צו באַרייכערן מיט ידיעות, ס׳איז אָבער נאָכנישט געפונען געוואָרן דאָס שטעגל דער לערער זאָל קאָנען לייגן א חברישע האַנט אויף דער פּלייצע פון דעם דערוואַקסענעם תלמיד.

בעת דער גרינדונג פון אונדזער שול האָט זיך געלאָזט הערן דער לאָזונג: „פרייהייט!" — און הייַנט, באַלוינונג, שטראָף און צוואַנג. און מיר דאַכט זיך, אז אויף א געזונטן באָדן זיינען נישט נייטיק קיין דאָגמעס. צו א שטראָמענדיקן טייך זיינען אין מיינע אויגן געגליכן די דאָזיקע צוויי הונדערט קעפּ און הערצער. לאָזט פריי דעם טייך, וועט ער פליסן מיט זיין נאַטירלעכן וועג; וועט איר אים פאַרשפּאַרן צווישן אייַזערנע ברעגן, וועט ער דורכלעכערן וועגן אונטער דער ערד. אין א שעפערישער סביבה, וואָס בויט א גערעכטיק לעבן, איז נישט נייטיק קיין ראַם. לאָזט דעם טייך אויסוויילן דעם נאַטור־וועג — און זיין וואַסער וועט פליסן גלייכלינֵיק.

און עפּעס־וואָס וועגן דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט. ווער נאָך ווי מיר, ערדאַרבעטער, ווייסט, אז מע קאָן נישט אורטיילן וועגן דער

ווערט פון באָדן לויט דער ערשטער תבואה. און אויב מיר האָבן געהערט פון אונדזערע קינדער בעת באַגעגענישן: „איר פארלאנגט פון אונדז איינגעזעסנקייט אויף אן אָרט — און איר אליין האָט אויסגעשפּאנט מרחקים; איר פארלאנגט פון אונדז צוגעבונדענקייט צום וועג וואָס איר האָט אויסגעוויילט, און אליין האָט איר פארטוישט איין פאָרעם אויף א צווייטען; איר זאָגט, נהלל דאָס איז אלץ, און פאר אונדז איז עס בלויז א פלאַכלאַנד צווישן בערג, און מיר ווילן וויסן וואָס איז אויף זייער צווייטער זייט". און אזוי האָט א טייל פון זיי, ווירקלעך, געטאָן — הגם זיי זיינען נישט ווייט אוועק. און פון מויל פון זייערע ברידער הערט זיך אן אנדער רעפריין: „דאָ זיינען מיר געבוירן געוואָרן, דאָ דערצויגן, ביי אייך האָבן מיר געלערנט. און מיט אייער וועג וועלן מיר גיין".

סיי די אוועקגעגאנגענע, סיי די פארבליבענע האָבן נישט פאראטן, אין דעם עיקר האָבן זיי זיך נישט דערווייטערט פונעם שורש — זיינען פארבליבן ארבעטער און מיט א גרעסערער עסקטרעמקייט איידער מיר זענען זיי מקיים דעם פּרינציפּ פון פערזענלעכער ארבעט.

ווי אן ערדארבעטער, וואָס זאמלט־איין זיין תבואה און פרייט זיך וואָס בייזע ווינטן האָבן זיי נישט געשאָדנט, די זון האָט נישט אויס־געטריקנט די קערנער און קיין שטורעם נישט צעבראָכן דעם זאנג, אזוי זאָגן אויך מיר: דיינו.

# טאטע־מאמע

אין משך פון די פינף און צוואַנציק יאָר — א לאנגע תקופה פארן יחיד און א קורצע לגבי געזעלשאפטלעכע דאטעס — האָט זיך אונדזער דאָרף אויסגעקריסטאליזירט אויף עפּעס־וואָס גאנצעס, אויף א ציבור מיט אן אייגענעם כאראקטער, אויף א געזעלשאפט, וואָס פון יענער דאָרפישער פארוואָרצלטקייט פון א דורותדיק לעבן, וואָס ביז היינט זיינען מיר געוווינט געווען צו זעען עס נאָר ביי אנדערע פעלקער.

צי האָבן געקאָנט די ערשטע, יענע וועלכע האָבן געלייגט דעם שטיין פארן פונדאמענט פון דעם גרויסן יידישן דאָרף, וועלכע האָבן פארטראכט דאָס שאפן א דאָרף, וואָס ארבעט אויף באשטימטע געזעלשאפטלעכע יסודות, צי האָבן זיי געקאָנט פאָרויסזעען מיט וועלכע שטעגן ס׳וועט זיך שלענגלען די פארווירקלעכונג אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן? ס׳זיינען פאָרגעקומען פארזאמלונגען, שמועסן, וויכו־חים און פארהאנדלונגען איבער פראָבלעמען, וועלכע האָבן זיך שוין געוועקט און אזעלכע וואָס זיינען עלול צו אנטשטיין, אָבער נישט אלץ זעט זיך פאָרויס, נישט פאר יעדער זאך גייט פאָרויס די געזעלשאפטלעכע זאָרג.

צווישן די פראָבלעמען, וואָס זיינען נישט איינגעשלאָסן געוואָרן אין קרייז פון דער זאָרג פונעם כלל, איז אויך געווען דאָס איינ־אָרדענען טאטע־מאמע: די זארג פאר יענע איינזאמע משפחות פון טאטע־מאמע, וועלכע האָבן פריער עולה געווען אין לאנד און בא־דארפט באגלייטן זייערע קינדער אויף זייער נייעם וועג צו שאפן אן ארבעטער־קאָלאָניע; און די זאָרג פאר די, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען פון יענער זייט גרענעצן פון לאנד, אין די שטעטלעך פון

רוסלאנד או אוקראינע, פוילן און גאליציע, בעסאראביע או אנדערע לענדער, וואָס דאָס אראָפּברעגנגען און איינאָרדענען זיי איז באַשערט געווען אויסשליסלעך דעם יחיד.

היינט, נאָך א האלבן יובל יאָרן, ווען איך פארקוק זיך אויפן וועג וואָס הינטער אונדז, דאכט זיך מיר, אז ווען דאָס דאָזיקע קאפּיטל פון אונדזער לעבן וואָלט געווען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אלגע־מיינער ראַם, וואָלטן א סך זאכן באקומען אן אנדער אויסזען. ווען דאָס דאָזיקע קאפּיטל וואָלט נישט געווען זיין א זאך פונעם יחיד בלויז, וואָלטן מיר געווען געקאָנט איינשפּאָרן א סך איבעריקע ליידן זיך, און דער עיקר אונדזערע עלטערן, וואָס זייער מערהייט איז געקומען צו די ברעגן פון היימלאנד וואָס בויט זיך צעבראָכענע פיזיש און גייסטיק, און בלויז ווייניקע פון זיי האָבן געקאָנט צולייגן זייערע רעשטלעך כוחות צו דער גרויסער זאך, וואָס טראָגט דעם נאָמען — דער אויפבוי פון נהלל.

מען קאָן נישט פעסטשטעלן די סיבה, פארוואָס דאָס עלטערן־פּראָבלעם איז נישט געוואָרן קיין כלל־פּראָבלעם. יעדנפאלס, נישט מחמת דעם ווילן זיך ארויסצודרייען פון דער קינדער־פליכט, און אוודאי נישט מחמת דער הארטהערציקייט פון דער געזעלשאפט, וועלכע האָט גענומען אויף זיך א קאָמפּליצירטע לעבנס־לאסט אָן א פאָרויסיקער פּראַקטיק — דאָס אויפהאלטן אן אינדיווידועלען משק מיט משפחה־כוחות.

און אויב צו דער אנקעטע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן אונדזערע חברים לאנדווירטן וועגן די עלטערן וואָס ווינען אין די משקים פון זייערע קינדער (אן אנקעטע צוזאמענגעשטעלט דורך איינעם פון די עלטערן), איז צוגעלייגט געוואָרן אויך א קורצער בריוו, אין וועלכן ס'ווערט געזאָגט, אז די לייט פון נהלל האָבן דער־

פילט מיט כבוד די פליכט וואָס ליגט אויף זיי בנוגע די עלטערן, — ווערט דערמיט א ביסל אראָפּגענומען דער דרוק פונעם הארצן.

יענע אנקעטע דערציילט, אז די מערהייט אונדזערע עלטערן זיינען געקומען צו אונדז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָך די פּאָגראָ־מען אין אוקראאינע, נאָך דער איבערקערעניש אין רוסלאנד, אין דער תקופה ווען ס׳האָט זיך ארויסגעגליטשט דער באָדן פון אונטער די פיס פון דעם יידישן באלעבאטישן מענטשן, און אזעלכע זיינען געווען דער רוב פון אונדזערע עלטערן. זיי זיינען געקומען מיט קאליע וועגן, דורך שטעטלעך פארברענטע און צושטערטע, האָבן געוואָגלט איבער וועגן לאנגע־לאנגע חדשים, געשווארצט גרענעצן, געהונגערט, גע־נעכטיקט אויף דילן פון בתי־מדרשים און זיך דערנערט פון דעם ביסל פארמעגן וואָס איז זיי פארבליבן.

די אנקעטע דערציילט וואָס נהלל איז געווען די ערשטע יאָרן פון איר אויפבוי — א משק וואָס פאָדערט אינוועסטיציעס און ברענגט נישט קיין הכנסה, דער באָדן איז פארפעסטעט מיט מאַלאַריע, און דער גאנצער ישוב באשטייט פון בלויז איינזאמע געצעלטן און ברעטער־ביידלעך. א ברענענדיקע זון אום זומער, א דערעסנדיקער רעגן אום ווינטער, היץ און פליגן בייטאָג, קאָמאַרעס ביינאכט אין די דאָזיקע באדינגונגען האָבן אונדזערע עלטערן געדארפט זיך צו פאסן צו א ניי לעבן. מ׳האָט געדארפט האָבן גרויסע כוחות פון קרבנות־גרייטקייט. יענע אנקעטע ווייזט, אז אויך דאָרט, אין גלות, האָבן זיך אונדזערע עלטערן נישט שטארק אונטערשיידט לויט זייערע שטאנדן — און אויפן באָדן פונעם היימלאנד זיינען די מחיצות אינגאנצן איינגעפאלן, דאָך האָט די ירושה פון דער פארגאנגענהייט עקזיסטירט, און די צופּאסונג איז נישט געווען קיין אלצאיינע. די אנקעטע דערציילט, אז צו זיבן־און־זיבעציק לאנדווירטשאפטלעכע משפחות אין נהלל

האָבן זיך פאראייניקט פערציק עלטערן־פאמיליעס, און אויב מיר וועלן נעמען אין באטראכט אז ביי אונדז זיינען פאראנען ברידער און שוועסטער, קומט אויס אז מער פון א העלפט פון די משפחות אין דאָרף האָבן אריינגענומען עלטערן.

ווען מען קוקט זיך צו צום עולם עלטערן, באקומען די דאָזיקע טויטע ציפערן א גוף מיט א נשמה. נישט אלע האָבן ווייליק אויפגע־נומען דאָס נישט לייכטע לעבן. ס׳זיינען געווען אזעלכע וואָס האָבן פארשטאנען און אָפגעשאצט אונדזער אונטערנעמונג און באטראכט זיך אליין פאר שותפים אין דאָזיקן ווערק, און אזעלכע וואָס האָבן געלעבט זייער לעבן ווי א גזר־דין, ווי יענער פאָטער וועלכער האָט אין איינעם א שמועס אַ זאָג געטאָן: „איך לעב נישט, נאָר פארענדיק מיין לעבן״. ס׳זיינען געווען עלטערן ענערגישע, וועלכע האָבן דאָ אָנגעהויבן אויפס־ניי צו וועבן זייער לעבנסגעוועב, געוואָלט שאפן א זקנים־קאָלעקטיוו און זיינען אויך געווען עמפינדלעך אויף דעם וואָס קומט פאָר אין דעם ציבור פון די יונגע; און ס׳זיינען ווידער געווען עלטערן וואָס דער אינהאלט פון זייער שמועס און אינטערעס איז געווען די זכרונות פון דער פארגאנגענהייט. נישט אלע האָבן געקאָנט בלייבן שטאנד־האפטיק. די אנקעטע דערציילט אויך וועגן אזעלכע וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין גלות און אזעלכע וואָס האָבן פארלאָזט דאָס דאָרף און זיינען אריבער אין שטאָט. די איבערוועגנדיקע מערהייט האָט געלעבט און איז פארבליבן מיט די קינדער.

דאָס צופאסן זיך פון די עלטערן צום נייעם לעבן איז לייכטער געווען פאר דער פרוי איידער פארן מאנסביל. די מאמע האָט גענומען אויף זיך, אויף וויפל די כוחות האָבן איר דערלויבט, די זאָרג פאר דער שטוב. אמת, אלץ האָט זיך געענדערט. ס׳איז נישט דער אויוון, נישט די טעפּ און נישט דאָס געקעכץ; אלץ איז נישט דאָס. און

פונדעסטוועגן... כ׳האָב זיך איינמאָל צוגעקוקט צו איינער א מאמען. כ׳האָב געוווּסט, אז זי איז געווען א דאָרפישע אויך אין גלות. זי האָט דאָרט פארמאָגט א הויף, אייגענע מילך, אייער, א גאָרטן, און אלץ בשפע. און דאָ איז זי געשטאנען ביי א פּרימוס־מאשינקע, וואָס די חכמה וועלכע שטעקט אין איר האָט זי נישט באנומען. די איינציקע אראבישע קו האָט געגעבן מילך בצימצום, די ווינציקע הינער, פאר־שפּאַרטע אין א קליינע שטייג, האָבן קארגלעך געלייגט אן איי אָדער צוויי א טאָג, דער באזאָרגונג־מאגאזין האָט אויסגעטיילט די לעבנס־מיטל מיט א פארקוועטשטער און שווערער האנט, ס׳איז זייער שווער געווען צונויפשטעלן דעם מיטיק. אָבער ווען די אָנשטרענגונג האָט זיך געענדיקט, האָט זי, די באָבע, דערלאנגט דעם מיטיק צום טיש א צעפלאמטע פונעם נצחון. און ווען זי האָט א זאָג געטאָן מיט דער זעלבער שטים, ווי זי איז געווינט געווען צו זאָגן צענטליקער יאָרן: „עסט, קינדערלעך, עסט!״ — האָבן זיך אלע קנייטשן אויסגעגלעטיקט. אין דער זעלבער צייט איז ער, דער זיידע, געזעסן אריינגעבויגן אין זיך, האָט נישט געזען קיין אויפגאבע פאר זיך, נישט געפונען זיין אָרט, און שפּעטער, ווען ער האָט א זאָג געטאָן: „איך פיל זיך ווי ס׳וואָלט אויף מיר נגזר געוואָרן צו לעבן אלע יאָר צווישן קינדער״ — איז דאָס הארץ פארקלעמט געוואָרן פון די ווערטער, ווייל אין גלות איז דער מענטש געווען אן איינפלוסרייכער מאן, א מענטש מיט א געאכטעטער פּאָזיציע אין דער געזעלשאפט, א ציוניסטישער עסקן, וואָס חלומט וועגן ציון א ראָמאנטישן און ווייטן חלום, און אָט ווען דער חלום איז פארווירקלעכט געוואָרן האָט ער זיך אליין דערזען אויסערן תחום.

אויף וויפל אָרעמער און אינהאלטלאָז וואָלט געווען אונדזער לעבן, ווען ס׳וואָלטן זיך נישט געווען פאראייניקן צו אונדז אונדזערע

עלטערן. זיי האָבן באַרייכערט אונדזער לעבן און דאָס לעבן פון אונדזערע קינדער. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אין אונדזערע ענגע צריפים פון די גוטע שטוב־מנהגים דאָרט אין אונדזערע שטעטלעך. נישט איין מאָל האָבן זיי אָפּגעוועבדט די זאָרג פון דער קליינער ראָש פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. דער יומטוב און דער שבת האָבן באַקומען אַן אויסדרוק. אָט דער „קידוש", אָט די הבדלה צווישן יומטוב און וואָך, אָט דער „גאָט פון אברהם", וואָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַ שטיקנדיקער שטים פון טרערן — האָט געמאַכט ציטערן נישט נאָר אונדזערע הערצער מיט זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, די תפילות פון דעם זיידן מיט דער באָבען האָבן געוועקט סטרונעס אויך אין די נשמות פון אונדזערע קינדער, וואָס זיינען ווייט פון מנהג און טראַדיציע. אַ פון די אויגן פאַרבאָרגענער פאָדעם האָט זיך געוועבט צווישן דעם קינד און דעם גלות, צווישן דאָ און דאָרט.

און אויב מיר האָבן געזען בעת געשעען פון דער קאַטאַסטראָפע, אַז דאָס גאַנצע דאָרף, צוזאַמען מיט די קינדער, גרויסע און קליינע, איז גרייט צו עפענען זיינע טויערן און זיך טיילן מיטן ביסן ברויט מיט אונדזערע געראַטעוועטע ברידער, איז אַ גרויסן חלק אין דער דאָזיקער גרייטקייט האָט יענע פאַרבינדונג, וועלכע האָט זיך איינגעהיט אין די פאַלדן פונעם זיידנס טלית, און אין די שטוב־מנהגים פון דער באָבען.

## לערן־קרייזן

נאָך יאָרן אָנגעשטרענגטען אַרבעט פון בויען דעם משק און דערציִען די קינדער איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן דער יאָך פון דער חברה, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן פילן זיך פרייערער, זיינען צוריק אָנגעג־

וואקסן די פליגל, און ס׳האָט זיך אויפסניי געוועקט דער ווילן צו עפּעס־וואָס נאָך, חוץ דעם געוויינלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן. במשך דער גאנצער צייט פון אונדזער זיין אין לאנד האָבן מיר געפילט, אז נישט געקוקט דערויף וואָס פיל פון אונדז זיינען „ביכער־פרויען״, זיינען מיר ווייט פון דעם יידישן קוואל און ווערן ביז היינט געשפייזט פון דעם פרעמדן בוך — דעם רוסישן, דייטשישן, ענגלישן, אין אָריגי־נאל אָדער איבערזעצונג.

דעם אָנהויב פון די קרייזן האָבן מיר אָפּגעלייגט אויף הארבסט, ווען די ארבעט איז א רואיקערע. פאר די קרייזן קאָנען מיר ווידמען בלויז צוויי אָוונטן אין דער וואָך, ווייל אינעם שטוב־לעבן פילט זיך שטארק אָפּ דאָס אָפּזיין פון דער חברה אין אָוונט. און אום פרילינג הייבט זיך אָן די ארבעט אין די גערטנער, די טעג זיינען לאנגע און די נעכט צום שלאָפן קורצע. דעמלט לערנען אין די אָוונטן קאָנען מיר נישט, און אין די שבתים קומען פאָר כמעט תמיד דאָרף־פארזאמ־לונגען.

מיר האָבן באשלאָסן אָנצוהויבן פון „יהושע״. און אזוי, איינמאָל אין א קאלטן און פארוואָלקנטן אָוונט, ווען דער כרמל האָט שוין געגעבן אָנצוגעהערן וועגן די נאָענטע רעגנס, האָט א גרויסע גרופּע מאמעס פון דערוואקסענע קינדער אָנגעהויבן לייענען, פיל פון זיי צום ערשטן מאָל אין לעבן: „ויהי אחרי מות משה...״

דעם גאנצן ווינטער, איין אָוונט אין דער וואָך, האָבן מיר זיך צוגעהאָרכט צום חבר נ. ה.׳ס רואיקן לייענען. פון מאָל צו מאָל רייסט ווער איבער דאָס לייענען מיט א פראגע, בעט צו דערקלערן א וואָרט אָדער אן אומפארשטענדלעכן באגריף, פון מאָל צו מאָל צעפלאקערט זיך אויך א וויכוח — וואָס איז דעמלט געווען, ווי האָבן זיי דעמלט געטראכט און געפילט? און אזוי האָבן מיר געלייענט א קאפּיטל נאָך

א קאַפּיטל. דער רעגן האָט געקלאַפּט אויפן דאַך, דאָס פייער אין לאָמפּ טוקט זיך פונעם ווינט, וואָס דרינגט אַדורך די שוואַכע ווענט פונעם שול־צריף, אַרום איז שטיל — נהלל שלאָפט, און מיר, אויף די עלטערע יאָרן — „וירד שמשון תמנתה וירא אשה...״

ס'זיינען געווען קאַפּיטלעך, וואָס דערהויבן דעם גייסט, און קאַ־פּיטלעך וואָס דערשלאָגן, אָבער שטענדיק איז געווען דאָס געפיל, אַז דער אָוונט איז אַוועק נישט אומזיסט — מיר האָבן זיך באַרייכערט מיט א קאַפּיטל תנ״ך.

דער קרייז פאַר אָריגינעלער ליטעראַטור האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטן פּלאַן. אָבער דעם ערשטן שבת נאָך יענעם שרעקלעכן דאָנערשטיק, ווען די צוויי ווערטער „נישטאָ ביאַליק״ האָט ווי מיט א צוואַנג פאַרקלעמט דאָס האַרץ, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט און גע־לייענט ביאַליקן. און פון דעמלט אָן קומען מיר יעדן שבת אויפן „ביאַליק־קרייז״. נישט שטענדיק לייענט מען ביאַליקן. אַמאָל הויבט מען אָן מיט „נטף נטפה הדמעה״ און מען פאַרענדיקט מיט „ויען איוב ויאמר״. און אַמאָל לייענט מען פון די תפילה־פּיוטים פון מיטלאַלטער און פאַרענדיקט מיט „הם מתנערים מעפרם״.

דער דאָזיקער קרייז וועט זיכער פאָרזעצן זיין עקזיסטענץ אויך אין די זומער־חדשים. ער ציט צו דאָס האַרץ, ער היילט די וווּנדן פון אונדזערע שווערע טעג.

1934

# ווען די קינדער זיינען אין מרחקים

## א. צוזאַמען!

אויפן דאָזיקן הויף האָט געראַשט דאָס לעבן. בחורים און מיידלעך, און אלע אין ארבעטס־עלטער, זיינען פארנאכט געזעסן ארום טיש, איינער לעבן צווייטן. דאָ זיינען געפירט געוואָרן די ווירטשאַפטלעכע חשבונות, דאָ ווערט אויך אויסגעשטעלט די ארבעט אויף מאָרגן. און אינדערפרי האָבן זיך געהערט די יונגע שטימען פון די ארבעטער. זייער עכאָ האָט דערגרייכט אין דער גאנצער געגנט, באַזונדערס אין דער פאַרזיי־צייט. די זון האָט נאָכנישט געהאט אויפגעגאנגען, און די תבואה איז שוין ארויפגעלאָדעוועט געוואָרן אויפן וואָגן. דער עלטסטער זון קייט דאָס שטיק ברויט, וואָס ער האָט נישט באוויזן צו פארענדיקן ביים טרינקען די גלאָז ווארעמס, און ברענגט צו פירן „דאָס פאָרל" פון פערדשטאל, און ווען ס'דערהערט זיך דער „צוזאמען!", ווייסן אלע שכנים די טייטש דערפון. דאָס פערד איז א הייסבלוטיקס, און די קליאַטשע, זיין זיווג, פיעשטשעט זיך און איילט זיך נישט פון אָרט צו רירן, אָבער דער זון, שוין א בעל־נסיון, ציט־אָן די לייצעס, כדי צו פארהאלטן דאָס פערד, און באפעלט דער קליאַטשע — „צו־זאמען!", און מיטאמאָל טוט זיך דער שווערער וואָגן א ריר פון הויף ארויס.

ס'זיינען געווען יאָרן... איצט האָט זיך די שטוב אויסגעליידיקט, האָט זיך אויסגעליידיקט דער הויף. די פארשיידענע רעקרוטירונגען און דאָס זוכן נייע וועגן האָבן איינציקווייז ארויסגעפירט די יונגעלייט פון שטוב, און ס'זיינען געבליבן נאָר זיי, די זקנים.

נישט אזוי פירט זיך ערשט די ארבעט אין משק, ס'זיינען נישט

די חשבונות — ס'איז נישטאָ מיט וועמען איינצוטיילן די ארבעט. און אויך „דאָס פאָרל" איז געוואָרן איבעריק: דאָס הייסבלוטיקע פערד האָט מען אוועקגעגעבן צו א שכן, און געבליבן איז בלויז זי, די איינציקע, די רואיקע און פאָלגעוודיקע — נישטאָ פאר וועמען זיך צו פיעטשען, נישטאָ.

און ווען ס'זיינען געקומען די פארזיי־טעג, און ס'זיינען אָנגעצונדן געוואָרן פייערן אין די הויפן פון די שכנים פאר באגינען — האָט אויך ער זיך געפעדערט, דער אלטער פויער, ארויפגעלייגט די קערנער אויפן וואָגן, איינגעשפאנט די „איינציקע", און ווייל זי האָט נישט קיין פאָר, האָט ער זיך, דער אלטער, געשטעלט לעבן איר, א צי געטאָן די לייצעס און מיט א הויכער שטים, ענלעך צום זונס שטים, זיך געוואָנדן צו דער איינציקער: „צוזאמען!". דערנאָך האָט ער זיך ארומגעקוקט, צי האָט אים קיינער נישט געזען אין זיין שוואכקייט.

ב. אויך דו?

די מלחמה האָט געדויערט יאָרן, און ס'איז געקומען די צייט פון גיין אין מיליטער אויך פארן לעצטן, דעם יונגסטן אין דער משפחה; אויך ער איז אוועק, און אין שטוב זיינען פארבליבן בלויז טאטע־מאמע. עפעס־וואָס איז מינער, עפעס־וואָס פארוואָרלאָזט און נישט געטאָן געוואָרן, און ביסלעכווייז האָט זיך דער משק צוגעפאסט צו די ארבעטס־כוחות, וואָס זיינען איבערגעבליבן. אָבער דאָס פעלד — דער איריגאציע־באָדן — האָט געפאָדערט זיינס. אום ווינטער זיינען גע־גאנגען אויפן פעלד. ביי דער דאָזיקער ארבעט האָבן זיי נישט געארבעט זיך דער הימל אויסגעלייטערט, ס'איז געקומען די צייט אויפצואקערן דעם באָדן צום זומער־סעזאָן. די מאמע מיטן טאטן זיינען ארויסגע־גאנגען אויפן פעלד. ביי דער דאָזיקער ארבעט האָבן זיי נישט געארבעט

צוזאמען שוין יאָרן. בעתן אָנהויבן בויען דעם משק איז זיי די מערסטע צייט אריבער דאָ, אויפן דאָזיקן פעלד. די קינדער האָבן געוואָיעוועט ארום זיי, צייטנווייז האָט מען געמוזט אוועקלייגן די קירקע, כדי אנטקעגנצוקומען די פארלאנגען פון דעם קליינוואַרג. אָבער שפּעטער זיינען די קינדער אונטערגעוואָקסן, און די מאמע איז אויף א נאטיר־לעכן אופן ארויסגעשטופּט געוואָרן פון פעלד. איר ארבעט האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער שטוב און ארום איר. היינט מוזן זיי ווידער זיין יונגע. און ס׳איז געווען עפּעס־וואָס משונהדיקס און אומגעוויינ־לעכס אין אָט דעם גאנג זייערן אויפצוגראָבן די ערשטע בייטן פון גאָרטן. מיט א געניטער האנט, ווי מיט יאָרן צוריק, האָט זי אָנגענומען דאָס פערד פאר דער צוים צו פירן עס אין א גלייכער ליניע, און ער האָט געהאלטן פארן אקער. א בייט נאָך א בייט. צום סוף האָט זי געוואָלט, די מאמע, שטיין בלייבן א ביסל; ס׳האָבן איר געטרייסלט די פיס, און זי האָט געפילט, אז מער וועט זי נישט קענען, און ווען זי האָט א קוק געטאָן אויף אים, האָט זי געזען, אז אויך ער אָטעמט שווער, ווי ס׳וואָלט אויספעלן לופט צום אָטעמען אין דער דאָזיקער ריזיקער רחבות.

און אָט לאָזט אויך דאָס פערד אראָפּ דעם קאָפּ און שטעלט אָן א בעטנדיקן בליק.

— צי אויך דו?

ג. „ווי אַ פּרינצעסין”

ערגעץ ווו, ווייט פון דער שטוב, האָבן זיי זיך באגעגנט: ער — א זעלנער, און זי — א זעלנערקע. און אין זייערע בריוו אהיים האָבן זיך אָנגעהויבן באווייזן פון מאָל צו מאָל זיין נאָמען און אירער. און איינמאָל — א שותפותדיקע פאָטאָגראפיע, ביז דער זון האָט אין

איינעם פון די בריוו געשריבן צו דער מאמען: „אז זי וועט קומען, דאָס מיידל, צו דיר, נעם זי אויף ווי א טאָכטער״.

און דעם זונס מאמע האָט באשלאָסן צו באזוכן די מאמע פון דעם מיידל, וואָס דארף קומען.

פאר דעם באזוך האָט זי אויסגעקליבן דעם טאָג פון סוף־וואָך, מיטן אויסרעכנונג, אז אויב זי וועט זיך דאָרט פילן גוט, וועט זי בלייבן אויף שבת. אויפן וועג האָבן זי באגלייט קווענקלעניש — צי דארף מען עס טאָן, ווי וועט מען זי אויפנעמען, און וואָס וועט זיין דאָס ערשטע וואָרט?

ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום דאָרף, זיינען זיך די ספקות צעשוווּמען, און אין דער ציפּרעסן־אַלייע איז זי געגאנגען פעסט, ווי א מענטש וואָס טוט וואָס ער דארף טאָן.

דעם מיידלס מוטער האָט זי דערזען פון ווייטנס, פארשטאנען ווער זי איז און איז איר אקעגנגעגאנגען, און ביים טויער האָבן זיי זיך באגעגנט ווי לאנגיאָריקע פריינדינס.

אין שטוב האָט זי דעם גאסט נישט געקאָנט אַריינפירן, מען האָט דאָרט ערשט געקאלכט. און ווייל זי איז נישט געווען מיד, האָבן זיי באשלאָסן צו באקוקן דעם משק, ביז ס׳וועט אויפזידן דער טשייניק, וועלכער איז גלייך ארויפגעשטעלט געוואָרן אויפן פייער.

איידער זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויפן הויף, האָט זיך די באַלע־באָסטע אריינגעכאפּט אין קיך א קוק טאָן, צי דאָס ברויט גייט אויף; אויפן וועג, שמועסנדיק, האָט זי זיך פארהאלטן צוצולייגן האָלץ אונטערן וועש־קעסל. דער שמועס האָט זיך געצויגן, נאָר מ׳האָט געדארפט אויפן הויף אָנגיסן וואסער פאר די קי; אין גערטל — פאר־ריכטן דעם רעגן־שפּריייער, וואָס האָט זיך נישט געדרייט ווי ס׳געהער צו זיין; און אָט האָט דאָס געניטע אויג דערזען א דאָרן ארויסשטעקן

פון צווישן די אוגערקעס — האָט זי אים אויסגעריסן. אויפן וועג אהיים האָט זי מיט א סערפ אָנגעשניטן א ביסל טשעטשעוויצע פאר די עופות.

נאָך אָט דעם ארומדרייען זיך אין משק האָבן זיך די צוויי פריינדינס אומגעקערט פול מיט איינדרוקן פון דעם שמועס, וואָס איז בעיקר געווען געווידמעט די קינדער. יעדע איינע האָט ציטירט גאנצע שורות פון די בריוו, וואָס זי האָט דערהאלטן, און ס׳איז געווען גוט.

דערווייל האָט אויפגעקאָכט דער טשייניק, און זיי האָבן זיך איינ־געאָרדנט אינדרויסן אונטער א בוים, צווישן שטוב־זאכן, אָנגעהויפטע ארום.

און ווען ביידע זיינען נחתדיק געזעסן ביי א גלאָז טיי, האָט דער גאסט א פרעג געטאָן: „ווי באווייזט מען עס אלץ אין איין טאָג? אי קאלכן, אי ברויט־באקן, אי א געוועש מאכן און די אָן א שיעור קליינע ארבעטן אין משק?״

האָט די באַלעבאָסטע געגעבן צו פארשטיין: „דאָנערשטיק דערהאלט מען נישט קיין פראָדוקטן, איז דאָך דאָס דער איינציקער טאָג אין דער וואָך פאר די גרינטלעכע שטוב־ארבעטן, מוז־מען דעריבער דעם טאָג לויפן פון איין ארבעט צו דער צווייטער, אָבער... ווען די טאָכטער וועט צוריקקומען, וועל איך זיך אוועקשטעלן אליין און וואשן דעם גאנצן טאָג רואיק״. און כדי צו באטאָנען די דאָזיקע רואיקייט, האָט זי אויף א רגע פארמאכט די אויגן און צוגעגעבן: „כ׳וועל וואשן רואיק, ווי א פירשטין״.

1945

# אין נאָמען פון היימלאַנד

ווען דער אַפּטייל איז איינגעטיילט געוואָרן אויף דריי טערמינען אויף געזעגן־אורלויב מיט דער פאַמיליע — האָבן זיך אויך איינגעטיילט די זין פון מיין דאָרף. פינף, פינף און נאָך פינף. אויף א קורצן באַזוך זיינען זיי געקומען, בלויז צו באַגריסן, בלויז צו כאַפּן אַן אייליקן בליק אויפן דאָרף, ווו זיי זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן. און פון דאַנען זיינען זיי דאָס ערשטע מאָל איבערגעטראָטן די שוועל אין די ווייטקייטן.

אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר זיך צוגעוווינט: מען קומט, מען פאָרט אוועק אין פעסטגעשטעלטע, באַשטימטע טערמינען. און די זאַך האָט אויפגעהערט צו זיין א טיפּע איבערלעבעניש. דאָס לעבן דאָרט און דאָס לעבן דאָ, די אורלויב־צייט דאָ און די דינסט דאָרט זיינען געוואָרן דער אַלגעמיינער גאַנג, דער שטייגער פון מלחמה־לעבן. נישט אַזוי איז עס געווען איצטער. אַנדערש זייער קומען, אַנדערש זייער אָפּשייד. פון די ערשטע פון דער בריגאַדע זיינען זיי געווען; זיי איז צוגעטיילט געוואָרן צו שטיין קעגנאיבער דעם שונא, זיי — דער זכות פון נעמען נקמה. יאָ, דאָס נעמען נקמה איז געוואָרן א זכות, און אויפן רוף פון דער צוקונפט זיינען געשפּאַנט די וואָס גייען אוועק, זיינען געשפּאַנט אויך זייערע באַגלייטער, אַלע מענטשן פון דאָרף.

ווי אַנדערש זעען זיי אויס בעת מיר געזעגענען זיך! צי זיינען זיי דאָס ווירקלעך אונדזערע קינדער? ס׳שטויסן זיך די זכרונות, ווי אויף דער האַנטפלאַך ליגט אויסגעשפּרייט זייער יונג לעבן. דאָ, אויפן דאָזיקן שטיקל ערד זיינען געשעען אַלע פּאַסירונגען פון

זייער עקזיסטענץ. און דער בחור, וועלכער רעדט אין געמיט־שטורם וועגן די ליידן פון דעם יידישן פאָלק, וועגן אונטערדריקונג און באליידיקונגען, וועגן שאנד און נקמה, זיין ציטערדיקע שטים — „גייט אין אונדזער נאָמען, אויך פאר אונדז נעמט נקמה, מיר זיינען אלע מיט אייך, אָבער ס׳איז דאָ א פליכט פאר דער פאמיליע, פאר אייך וועלן מיר איינהיטן דאָס האָב־און־גוטס״ — דער דאָזיקער בחור מאכט שטוינען, ער איז דאָך נעכטן־אייערנעכטן נישט געווען אזעלכער.

וועגן דער ווערט פון דעם פרייען מענטשן אין דער יידישער צעזייטקייט, וועגן דעם מענטשן וואָס קומט פון זיין צעאקערט פעלד, פון זיין פארהאָרעוועטן און פעסטשטייענדיקן דאָרף רעדן די בחורים, און אָן א וואָרט צו רעדן זיינען צו זיי געווענדט די פנימער פון די אוועקגייענדיקע. אָט דערהערט זיך אָן אומעטיק ליד. א מיידל לייענט „ער האָט איר געזאָגט...״ פון ברענערן, און איינער פון די אוועק־גייענדיקע שאָקלט צו מיטן קאָפּ: אזוי, אזוי איז עס.

א שווייגעוודיק, שעמעוודיק יינגל איז ער געווען, און פלוצעם אויסגעוואָקסן און א מענטש געוואָרן. ער האלט אין האנט א רודער פון א גרויסן אויטאָ, וואָס פירט הארמאטן, און מיטן רודער אין האנט וועט ער דורכרייזן מדברס און גרענעצן, ער וויל נקמה נעמען פארן בלוט פון זיינע ברידער; דעם נאָמען פון זיין דאָרף האָט ער אויס־געקריצט אויפן אויטאָ, און מיטן דאָזיקן נאָמען וועט ער גיין.

און כ׳דערמאָן זיך, וואָס א מיידל אונדזערס האָט דערציילט. זיי זיינען געווען צוויי אין דעם איבונגס־לאגער, ווען די ערשטע רעקרוטן פון דאָרף זיינען געשיקט געוואָרן אריבער די לאנד־גרענעצן. זיי האָבן געוואָרט אויפן צוג וואָס גייט פארביי דעם פלאץ פון די איבונגען. אין די פענצטער פון דעם פארביילויפנדיקן צוג האָבן זיי באמערקט זייערע דאָרפסלייט, וועלכע פאָכען צו זיי. זיינען זיי, די צוויי, מבולבל

געוואָרן און האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן נאָכלויפן דעם צוג און שרייען: נהלל, נהלל! און אַזוי זענען זיי געלאָפן, ביז זיי האָבן דערזען, אַז זיי זיינען אליין אין פעלד, און דער צוג איז שוין לאַנג נישטאָ.

1944

# א ו מ ע ט

ווינטער. שוין עטלעכע טעג ווי ס׳גייט א רעגן. כ׳בין אריינגעגאנגען צו מיין שכנה. די מאמע איז נישטאָ; איז פארפאָרעט, אפנים, אויפן הויף. אין צריף איז שטיל און אומעטיק. פון די שפּארעס אין די ווענט און דעם דיל בלאָזט א ווינט. ביים טיש זיצט די גרויסע, די פּיריעריקע, און לעבן איר אין וויגל — דאָס יינגעלע. דורכן פענצטער דרינגט אריין א ליכטשטראל, און קעגן זיין שיין רעדט דאָס יינגעלע צו זיך אליין.

דאָס מיידעלע בויגט זיך איבער דער ליאלקע און שעפּטשעט צו איר: „דו הערסט, ליאליע מיינע, אויך דער „קוציק״ זאָגט — רע... רע... רע... (שלעכט, שלעכט, שלעכט).

דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. אין אָנהויב פון אונדזער באזעצן זיך. און פון דעמלט אָן? ס׳האָט זיך קיין סך נישט געענדערט. ס׳זיינען צומיינסטן די זעלבע צריפים, נאָר מיט נאָך מער שפּארעס, און דער ווינט בלאָזט אריין נאָך שטארקער. ס׳איז דער אייגענער מאנגל אין וועגן און כבישים, און דער קורצער ווינטערטאָג פארמאטערט מיט זיין ווייניק ברכה.

צו ברענגען צוויי־דריי מאָל די מילך אין דער מילכיקעריי, דורכ־צוגיין עטלעכע מאָל דעם הויף, צו אָנהאָדעווען די בהמות, אָפּצוטאָן די קנאַפּוועריטיקע מלאכות — אָן א וועג און א שטעג, בעת די פּיס זינקען איין ביז די קני — דאָס איז עבודת־פּרך. ס'האָט מיר דערציילט איינער א חבר: „אין א זוניקן טאָג, אויף די בערלינער גלאַטע גאַסן, האָב איך זיך פּלוצעם דערמאָנט אין דער בלאָטע פון עמק, און כ'האָב אין דעם מאָמענט דערפילט זיך מיד און אויסגעשעפּט, ווי כ'וואָלט זיך אויסגעגליטשט, ווי כ'וואָלט נישט קאָנען פון אָרט זיך רירן. ווערסט מיר גלויבן ?" כ'האָב געגלויבט. ווער ס'איז אמאָל אום ווינטער פאַרבייגעגאַנגען דעם עמק, האָט געקנאָטן די דאָזיקע קלייפּיקע בלאָטע — יענער ווייסט געדענקען.

דער טאָג איז קורץ. די שטאַל ווערט פרי געשלאָסן. ס'איז גוט א לאַנגער אָוונט פאַר א מענטשן א מידן נאָך לאַנגע חדשים פון קאָכיקער אַרבעט.

די נאַכט קאָן א סך פאַרגלעטן און פאַרבאָרגן. קעגן דער שיין פון אָנגעצונדענעם לאָמפּ, בעתן זשומען פונעם טשייניק אויף דער נאַפט־מאַשינקע, ביים טיש מיט דער חברה קינדער — איז דער צריף נישט גרויז. ס'ווערט פאַרגעסן די האַרבקייט פונעם טאָג. דער רעגן קלאַפּט אָן אויפהער אין די דאַך־בלעכן, און ביים טאָן פון די דאָזיקע קלאַנגען ווערסטו באַהערשט פון א געפיל פון רעכטפאַרטיקייט און גערעכטי־קייט. דו, מענטש, האָסט אָפּגעטאָן דיינס — האָסט געאַקערט, פאַרזייט, און איצט ווערט זיך שוין אַליץ „איינאָרדענען" פון זיך אַליין. נישטאָ אויך אויף וואָס זיך צו איילן. האָסט פאַר זיך א לאַנגע נאַכט, מען דאַרף נישט פרי אויפשטיין.

ס'איז שטיל אין צריף. די קינדער זיינען איינגעשלאָפן. און דער רעגן גייט און גייט. דערמאָנסט זיך יענעם שרעקלעכן ווינטער, ווען

די טעג זיינען געווען לאנגע פרילינג־טעג, די נעכט האָבן דערקוטשעט מיט זייער שיינקייט. די ליליעס האָבן געבליט ווי מטורף, די ביימער האָבן פארגעסן זייער טערמין און ארויסגעלאָזט בלעטער. דאָס איז געווען א קאטאסטראָפאלער ווינטער — ער האָט געבראכט מיט זיך א טריקעניש.

ווען ס׳וואָלט זיין א גוט בוך! מען וואָלט קאָנען לייענען פאמעלעך אָן געוויסנביסן, אז דו רויבסט אוועק פון דער ארבעטצייט. זייער צאָל אויף די פּאָליטשקעס איז נישט קיין גרויסע. דאָס אויג גייט אריבער פון איין בוך צום צווייטן. זיי ציען נישט. ס׳דאכט זיך, אז יעדעס וואָרט איז דיר באקאנט אין די דאָזיקע ביכער. אויך פארגאנגענעם ווינטער איז אזוי געווען און אויך די ווינטערס פריער. אויך אין דער דאָרף־ביבליאָטעק זיינען ווייניק ביכער, און דער עיקר — דאָס בוך איז א צופעליקס, נישט קיין צוגעפּאסטס.

ס׳ציען זי די ווינטער־אָוונטן. דער רעגן האָט אויפגעהערט, אָבער ארבעטן אין דרויסן איז נאָכנישט מעגלעך. די טעג זיינען קורצע, און די נעכט לאנגע. ס׳איז גוט אין אזעלכע נעכט א חברים־שמועס איבער די פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן. מיר האָבן טאקע אמאָל אָנגעהויבן פירן אזעלכע מינים שמועסן, אָבער זיי האָבן זיך איבער־געריסן פון זיך אליין. דו זוכסט אין דעם וואָכן־לוח פונעם תרבות־קאָמיסיע. אפשר וועט פון דאָרטן קומען די גאולה. ניין, דער נאָמען פון דאָרף איז נישט דערמאָנט. און אז ער איז דערמאָנט — איז דיר נישט באקאָנט דער נאָמען פונעם לעקטאָר, און אויך די טעמע איז נישט צוזאָגנדיק. זיכער א נייער מענטש אין לאנד. פונדעסטוועגן, ווען ס׳קומט דער באשטימטער טאָג, איילסטו זיך ארויסצוזענדיקן די פארנאכטיקע ארבעטן.

אין פּאָלקסהויז איז קאלט און גרוי. די ווענט זיינען נישט אויס־

געענדיקט, דער דאַך נישט פּאַרטיק, און אויך די פענצטער זיינען נישט אין אָרדנונג געבראכט. שוין יאָרן אזוי. ס׳איז אויך נישטאָ די האָפנונג, מען זאָל עס אמאָל אויסענדיקן. פונדעסטוועגן האָבן אויך די דאָזיקע ווענט געזען נישט ווייניק זעלישע פרייד. נישט געקוקט אויף דער פינצטערניש און דער בלאָטע — נישט קיין קליינער עולם. יוגנט און א סך חברות. יאָ, מיר זיינען מסוגל צו הערן און לערנען ממש מיט א העפט און בלייפעדער אין האנט.

ס׳איז אריינגעקומען דער לעקטאָר. ער הייבט אָן מיט הקדמות — א הקדמה פאר זיך אליין, א צווייטע פארן עולם, און אויך א דריטע, פארוואָס ער האָט געענדערט די טעמע פון דער לעקציע. און ביס־לעכווייז הויבט אָן אלץ אין דיר איינצושלאָפן, די הענט, די פיס און אויך דער געדאנק. צופעליקייט, אָן א סדר. ווו איז עס יענער פּלאַן פון צען־צוועלף לעקציעס אין יאָר פארן עמק, וועגן וועלכן ס׳איז געווען א רייד?

פון דעם צריף פון דער יוגנט טראָגט זיך געזאנג און דאָס קלאפן פון טאנצענדיקע פיס. משמעות, זיי זיינען אוועק פון דער לעקציע.

און ס׳דערמאָנט זיך דיר ווי דאָס קליינוואַרג האָט היינט דעקלא־מירט „מיקי מהו״. איינער האָט אָנגעהויבן א סטראָפע, און דער צווייטער האָט פאָרגעזעצט, דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן פונעם סוף, און דער אינהאלט האָט זיך נישט געענדערט. און ס׳דאכט זיך דיר, אז די היינטיקע לעקציע, דאָס געזאנג און דער טאנץ און דער פּלאפּל פונעם קליינוואַרג — דאָס אלץ הילט דיך איין ווי מיט א שווערן און שטיקנדיקן נעפּל.

און אפשר, אפשר ביסטו דורכאויס נישט גערעכט, אפשר האָבן עס די דאָזיקע ווינטער־נעכט אזוי געווירקט אויף דיר?

1935

# דאָס דאָרף יומטובט

דאָס דאָרף יומטובט זיין געבוירנטאָג, דעם טאָג פון זיין ארויפגיין אויפן דאָזיקן שטיקל באָדן, וואָס איז געווען וויסט, און היינט איז עס א בליענדיקער גאָרטן.

נישט שטענדיק איז ער יומטובדיק, דער דאָזיקער טאָג פון חשבון־הנפש. ווי צייכנס אויף א לאנגן וועג, שטארצן ארויס טעג פון דער־גרייכונגען און שטרויכלונגען, פון ענערגיע און שוואכקייט. און דער סך־הכל, נישט תמיד שטעלט ער צופרידן, נישט תמיד דריקן אויס די ציפערן און די שטייגנדיקע דיאגראמעס דעם ווירקלעכן צושטאנד. ס׳בלייבט עטוואָס צווישן די שורות, וואָס פארלאנגט אן אינטימען חברליכן שמועס. אויך נישט שטענדיק באלייכט דאָס ליכט וואָס שטראָמט פון דער בינע אלע ווינקעלעך פון דער נשמה, וועלכע אונטערליגט נישט קיין סטאטיסטישער אָפּשאצונג.

היינטיקס מאָל, ווען ס׳האָט זיך באוויזן די אויפשריפט, וואָס שיינט אראָפּ פון דעם איינגאנג־טויער, — „פ״א — אכצן יאָר זינט אונדזער ארויפגיין —צ״ט״ — זיינען אויסגערונען אלע ספקות: היינט אין יאָר ח״י זינט אונדזער ארויפגיין, יומטובט די צווייטע וואכטע. די דאָרפסלייט האָבן אויפגעבויט זייער הויז מיט זייערע אייגענע, צו ארבעט געוווינטע הענט; און דאָס הויז איז א קליינס, א דאָרפיש; פיר ווענט, עטלעכע פענצטער, צוויי טירן, א טשערעפּיצעס־דאַך און א סטעשקע פון בעטאָן. אלץ איז פּראָסט. נישטאָ אין דעם קיין שום איבעריקע זאך, אָבער ווי ליב עס איז, ווי עס שמייכלט אין זיין פּשוטקייט דאָס שטיבל וואָס איז באשטימט פאר די שעהן פון אָפּרו און פארווײלן זיך אין דער פרייער צייט. זיינע ווענט זיינען באפּוצט

מיט טאבעלעס און בילדער. א סך ארבעט איז ארייגעלייגט געוואָרן אין דעם אויפזאמלען די ציפערן און צוזאמענשטעלן די דיאגראמעס. דערפאר האָבן זיך די בחורים צוגעגרייט צום היינטיקן טאָג. זייערע קלינגענדיקע שטימען הערן זיך פון ווייטן אין זייער פיבערדיקן אָנשטרענג צו פארענדיקן דאָס בויען דאָס הויז צום היינטיקן טאָג — ח׳ אלול, און דאָס קליינוואָרג איז געשטאנען צו דער דיספּאָזיציע פון זייערע עלטערע ברידער. יענעם טאָג איז די ארבעט נאָך מיטאָג נישט באנייט געוואָרן, און מיט אן אויסדרוק פון נחת־רוח — וואָס זיי האָבן דערצו זוכה געווען — גייען די עלטערן פארביי די ווענט. און די ציפערן זיינען ערנסטע, זיי באווייזן דעם שעפערישן כוח, דעם כוח פון אנטוויקלונג פון א יידישן משק.

950 נפשות ציילט היינט דאָס דאָרף, און די העלפט פון זיי — יוגנט און קינדער: אָרטיקע קינדער, יוגנטלעכע עולים, די יוגנט וואָס לערנט זיך ארבעט אין די משקים פון די קאָלאָניסטן, שילערינס פון דער לאנדווירטשאפטלעכער שול, א צאָל קינדער וואָס זיינען געגעבן געוואָרן צום דערציען דורך דער סאָציאלער הילף. צווישן די דערוואקסענע — הכשרה׳ניקעס, עולים פון פארשיידענע לענדער, מעפּילים וואָס האלטן זיך אויף צייטווייליק ביי א קאָלאָניסטישער משפחה, צוויי מנינים עלטערן זקנים. ניין הונדערט און פופציק נפשות, א בונטער ישוב, א גרויס יידיש דאָרף. דערפאר — נישט בלויז טרוקענע ציפערן און דיאגראמעס אין דעם צימער, וואָס דער גערוך פון קאלך שלאָגט נאָך פון זיינע ווענט. ס׳איז אויך פאראן א גרויסע זאמלונג פון שטייגער־בילדער, פון די ערשטע צייטן ביז היינט.

ערשטע אקערונג, א שטאל אין געבוי, א קליינער צריף און לעבן אים אן ארבעטנדיקע משפחה; קינדער־יומטובים, בילדער פון שטיין אויף דער וואַך און ווידער ארבעט אין אלע אירע געשטאלטן: אין

גאָרטן און אין פעלד, אין שטאל און אין לול; א מאַמע מיט איר טאָכטער ביים אראָפּנעמען די פּרוכט; קינדער רייסן קוקורוזע. און נאָך א סך דערציילן די בילדער פונעם טאָגטעגלעכן לעבן. מיט ערנסטקייט באטראַכטן די עלטערן, א ביסל זיפצט מען און דער עיקר דערמאָנט מען זיך. אָט האָט זיך צעברענט א שמועס לעבן א בילד — דאָס פירן די פּאָסט. צי איז דאָס צום גלויבן — די פּאָסט אויף אן אייזל אין די ווינטער־חדשים, ווען די בלאָטע דערגרייכט דעם אייזל ביז די אויערן? אין א צווייט ווינקל איז א זכרונות־ליבהאָבער מוסיף נאָך און נאָך צום בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט. און פּלוצעם צעלייגט זיך א ברייטער שמייכל אויפן פּנים פונעם צוקוקער אַך, די דאָזיקע בחורים וועלן נישט פאַרבייגיין שווייגנדיק איבער שוואַכקייטן. דעם „קומזיץ" פון די נאַכט־שומרים, וועלכע זיינען געכאַפּט געוואָרן ביים באַגיין א מעשה־רע מיט א הון אין דער האַנט, האָט ארויסגעבראַכט דער אָרטיקער מאָלער מיט ברייטע קרייד־שטריכן. לאַכן די עלטערן, און אַנדערע האָבן אויך תרעומות: דאָ, פון די דאָזיקע ציפערן איז דאָ וואָס צו לערנען, און פּלוצעם — קינ־דערשע שטיפערייען. אָבער דער בחור דער לץ האָט זיך דערמיט נישט באַגנוגנט און צוגעגעבן נאָך א בילד: אַמאָל — א קאָלאָניסט שלעפּט מיט גרויס מי א לאַסטוואָגן, און ער איז אליין, קיינער העלפט אים נישט. און היינט? — ער, דער קאָלאָניסט, זיצט אין א וואָגן, און א שורה ארויסהעלפער שלעפּן אים: א מעפּיל, א פליט, א יינגל א דאַטשניק, א תימנער אין הכשרה, א יינגל אַן עולה, און גלאַט א „קוזין". אלע לאַכן. אָבער אויך דאָ גייט א וויכוח, ווער שלעפּט וועמען?

און אָט איז א קליינע אויסשטעלונג, וואָס דערקוויקט דאָס אויג — אלערליי פּירות. און מען קערט זיך אום צו די ציפערן און טאַבעלעס: דאָ איז דער זכות פאַר עקזיסטענץ, דאָ איז דער באַשייד אויף די

משק־פּראָבּלעמען, דאָ רעדט די ארבעטנדיקע האנט שווארץ אויף ווייס.

דערווייל זעצט זיך די זון. די קי געבּן פון די שטאלן א צייכן, אז ס׳איז שוין זייער צייט. און מען צעגייט זיך אָן חשק אויף אַ שטיקל צייט, כדי זיך נאָכאַמאָל צו באגעגענען פארנאכט ארום דער בינע.

פיין האָבּן עס איינגעאָרדנט די קינדער, מיר ווינען איינגענעם — ס׳איז דאָ אויף ווען זיך צו פארלאָזן. יהי רצון — בענטשט איינער פון די עלטערן — זיי זאָלן פארשטיין אָנצופילן דאָס אויפגעבויטע הויז מיט אינהאלט, און זיינע ווענט זאָלן נישט דינען פאר קיין צעשיידונגס־וואנט צווישן די קינדער און די עלטערן. און נאָך א האָרעלע ברכה פאר די יוגנטלעכע עולים: צו געפינען א שטעגל צווישן זיי און דער אָרטיקער יוגנט, א שטעגל צו א שותפותדיקען וועג פון לעבנס־אויפבוי.

צו גיין אויף די וועגן פון די עלטערן — אָבער אויסצובעסערן, צו פארשענערן דאָס עקזיסטירנדיקע, צו פארפולקאָמען דעם געדאנק פון אן ארבעטער־קאָלאָניע, — רופט אויס א יונגע רעדנערין פון די קאָלאָניע־מיידלעך.

א קיבוץ־גלויות אין מיניאטור איז דער קליינער אָרקעסטער: א טשעליסטין פון סלאָוואקיע, א פיאניסט פון די דייטשישע עולים, א פידלער פון דער עולים־יוגנט, א פידלערין אָן אָרטיקע. מענטשן פון פארשיידענע לענדער, מענטשן פון פארשיידענער דערציאונג פלעכטן זיך היינט צוזאמען אין איין שיינער מוזיק אונטער דעם לויטערן הימל פון עמק.

און אויך דער גאסט דער זינגער איז נישט פון די ווייטע און פרעמדע. ער איז פון די זומפּן־טריקענער פון דאָרף. אין די קורצע

נעכט, נאָך א טאָג ארבעט, פלעגן מיר דעמלט, מיט אכצן יאָר צוריק, זיך איינהאָרכן אין זיין זינגען. היינט איז זיין שטים פעסטער געוואָרן, אויסגעפיינערט, און די צייט האָט געענדערט דעם אינהאלט פון זיינע לידער. דער עמק איז געוואָרן א וויכטיקער פאקטאָר אין לעבן און נישט וועגן אים זינגט מען. היינט — דאָס געזאנג פונעם האָפן און דעם עפּאָס פון די געשעענישן־יאָרן. די היינטיקע יאָרן האָבן געמאכט־ פארגעסן דאָס פריערדיקע געזאנג, און נאָר בעת די קלאנגען פון „תחזקנה" שיקן מיר א בענקשאפט־בליק צו די פארגאנגענע יאָרן, ווען די נשמה האָט געאָטעמט מיט א טיף געזאנג וועגן דעם ווייטן עבר און דעם חלום פון דער צוקונפט, א וויניקער רעאל געזאנג, אָבער וואָס רעדט מערער צום הארצן.

ס'איז געווען א יומטוב־טאָג, און די יסורים פון דער וואָך האָבן זיי נישט געדענקט.

און ס'האָט זיך באוויזן דער „יתוש", וואָס באהאלט זיך אין די ערד־שפּאַלטן נאָך פון די צייטן פון זומפּן און מאלאריע, האָט זיך באוויזן און טוט א שטאָך: ס'האָבן זיך פארשפרייט פלאָגן אין די פרוכט־ביימער, דאָס פוילעכץ פרעסט אויף דעם עפּלבוים; די מחלה פון אָפּוואַרפן אין שטאל. הומאָריסטיש איז געווען דער דיאלאָג וועגן די אומגליקן אין משק. מ'האָט געלאכט און הנאה געהאט, און טיף אין הארץ וועקט זיך די אייביקע טענה פונעם לאנדווירטשאפטס־ ארבעטער: „וואָס האָב איך אלץ נישט געטאָן?" און דערנאָך, ווען דער זינגער דער פריינד האָט אויפן פארלאנג פון די זקנים איבער־ געחזרט דאָס קאפּיטל פון ישעיהו: „אָשירה נאָ לידידי שירת דודי לכרמו", א ליד וואָס מיר פלעגן אזויפיל זינגען אין יענע צייטן, אין די ווינטער־נעכט אין דעם שוואכן געצעלט, און ווען ער האָט א פרעג געטאָן „וואָס נאָך האָב איך געזאָלט טאָן מיין וויינגאָרטן, און כ'האָב

עס נישט געטאָן?!״ — האָבן זיך די־אָ ווערטער געהערט ווי אַן אָנקלאָג און אַ פּירהאלט פון אונדזערע צייטן.

ס׳איז היינט יומטוב, און צו דער מוזיק פון אַ האַרמאָניע און דעם געזאנג פון יונגע שטימען דרייט זיך אַ פריילעכער קרייז, אַ ליד יאָגט נאָך אַ ליד, און דער קרייז ברייטערט זיך אויס. און איינער פון די עלטערן ווינקט צו: און וואָס זיינען מיר? און פון איינעם פון די ווינקלען פון דער אויסשטעלונג — דאָס ווינקל פון די אייניקלעך (זייער צאָל איז נישט קליין) — קוקט אַראָפּ דאָס קליינוואַרג פון די בילדער: איינס אויף דעם יונגן זיידנס קני, איינס רייטנדיק אויף דער גליקלעכער מאַמעס אַקסל — זיי קוקן אויף די טאַנצנדיקע טאַטע־מאַמע און אויף דער באָבע וואָס קוועלט זיך.

1939

# בשעת דער שמחה

אין סאַמע די טעג, ווען די מלחמה אין לאַנד איז געוואָרן אַ פאַקט, און אין די פאַראייניקטע רייען פון אירע באַשיצער זיינען אויך געפאַלן קרבנות — אין יענע טעג האָט אַ דאָרף אין עמק געפייערט זיין טאָפּעלן יומטוב: זעקס און צוואַנציק יאָר זינט זיין אַנטשטייונג און אַ חתונה פון אַן אָרטיק פּאָרל, פון די ערשטע קינדער אין משק.

נישט געקוקט אויפן ווילן אַריינצופּאַסן דעם יומטוב אין אַ באַשיידענער און באַשרענקטער ראַם, וואָס אַנטשפּרעכט די שווערע צייטן, האָט די פרייד אויסגעבראָכן פון זיך אַליין, ווייל איבערגעגנוג איז געווען דער אמתער אינהאַלט פון דעם געשעעניש.

דער אויסדרוק פון די פנימער פון די באטייליקטע, דאָס געזאנג פון דער יוגנט און אירע טענץ, אָט דער חברים־שמועס וואָס ס׳איז נישט געווען קיין חשק אים איבערצורייסן — אלץ האָט געזאָגט פ ר י י ד.

דער צושטאנד פון „זיי גרייט" פון די קאָלאָניסטן אין דער געגנט און די וועגן־געפּאַר האָבן אָפּגעהאלטן פון א גרויסן צוזאמענפּאָר, ווי געוויינטלעך אין אזעלכע פאלן, און די מסיבה האָט געהאט אן אינ־טימען כאראקטער. און הגם ס׳איז באוווּסט און קלאָר דער וועג פון די זעקס און צוואָנציק יאָר, מיט וועלכן ס׳האָט געשפּרייזט די מערהייט פון די באטייליקטע אין דער מסיבה, זינט ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס געצעלט צווישן די פעלדשטיינער און ווילד־געוויקסן; הגם עס געדענקט זיך יעדער טאָג — פון יענער ערשטער, קאלטער נאכט און דעם פלייצנדיקן רעגן, ביזן היינטיקן אָוונט, א פארגאָסענער מיט ליכט און ווארעמקייט, וואָס נאָר באשטענדיקע הייזער פארשפרייטן; און כאָטש ס׳איז נישט געווען קיין נייס אין די רייד פונעם חבר, וועלכער שטעלט צוזאמען דעם זכרונות־קאלענדאר — האָבן זיך די פארזאמלטע שטארק איינגעהאָרכט. און אָט באלייכט אויך א צויבער־לאָמפּ אויף דעם לייוונט קלאָרע ציפערן וועגן דעם שעפערישן און אנטוויקלונגס־כוח פון דעם אָרט, פון ציפערן נישטיקע ביז שווער־וואָגיקע: מילך, אייער, גרינצייג, פרוכטן. און אויך א גרויסן צוווּקס אין נפשות. אָט איז א גרופּע יונגע, ערשטע אָרטיקע, וועלכע איז פאָטאָגראפירט געוואָרן דורך א פארבייפאָרנדיקן טוריסט; אָט איז די ערשטע קינדערדערציערין מיט עטלעכע קינדער, וואָס אלע צו־זאמען האָבן געקאָנט ארייננעמען ווערן אונטער איר ווייסן פארטעך; א בילד פון אקערונג. קוקורוזע פירן, און נאָך בילדער פון יענעם לעבנסשטייגער. און צו אלעמענס פארגעניגן און פרייד — דאָס יונגע

פּאָרל, די אויך דעמלטיקע נייע משפחה; און אין לול — קינדערלעך; מיט ברייט צעעפנטע אויגן קוקן זיי אויפן ווונדער, וואָס געשעט ארום זיי. און צוויי יונגע מאמעס, וואָס זיינען פּלוצעם געוואָרן „מחותנתטעס", זיי זיינען אויך אויפן לייוונט.

אזוי האָט זיך דאָס לעבן געקייטלט. און א ליד יאָגט נאָך א ליד. די הי־געבוירענע דעמאָנסטרירן זייער כוח און פעיקייט.

אלץ גייט פּאָר פון זיך אליין, ס'איז נישטא דאָס געפיל פון א „פּלאַן" — אן אמתע שמחה, נחת פון עלטערן, נחת פון דעם ארבעטנדיקן מענטשן, וועלכער פארסך־הכל'ט זיין שווערן וועג און זעט די פּרוכט פון זיין מי.

און גלייכצייטיק דערמיט איז אין דער דאָזיקער אטמאָספער פון פרייד פארוועבט אן איידעלער אומעט. ער גנבעט זיך דורך, בליקט ארויס פון די אויגן פון די באטייליקטע. פון מאָל צו מאָל ווערט איבערגעריסן דאָס געזאנג, און דעמלט קומט בולט ארויס דער מאן, וואָס איז פארזונקען אין זיינע געדאנקען. דער אומעט איז נישט אויסגעמישט מיט דער פרייד, נישט צוזאמענגעגאָסן מיט איר, נאָר איז ווי אלטער און שווערער וויין אין א בעכער יונגער און פערמענטירנדיקער משקה.

און דאָס געפיל פון אומעט פארטיפערט זיך, ווען אין גרויסן, יום־טובדיקן עס־זאַל קומען אריין מיט רויש און טומל די שאָפערן פון דער געגנט, די שאָפערן פון עמק־יזרעאל. ס'איז שוין שפּעט, אָבער ערשט איצט, נאָכן אומקערן זיך פון וועג, האָבן זיי פארענדיקט די צוגרייטונגען, כדי צו קאָנען מאָרגן אויפסנייי דורכמאכן דעם וועג, פירנדיק לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקציע. דער בעל־שמחה אליין איז אויך א שאָפער, און אויך ער פאָרט אין די דאָזיקע בלוטיקע טעג מיט די געפערלעכע וועגן. א טיש פאר זיך אליין פארלאנגען זיי, די

שאַפּערז. זיי מיט זייער חבר, וואָס פאר זיין כבוד וועגן זיינען זיי געקומען און געטרונקען לחיים.

און ס׳איז פאראן עפּעס א באזונדער ממשותדיקייט אין דעם דאָזיקן „לחיים״, און צוזאמען מיט זיי הויבן אויף זייערע בעכערס אויך די וואָס זיצן ביי די אנדערע טישן, און אַן אויסגעצויגענער „ל־ח־י־י־ם״ הענגט אין דער לופט.

ס׳איז צעשטערט געוואָרן די אָפּגעזונדערטקייט. ס׳איז צו זיי צו־געקומען איינער פון די אָרטיקע זקנים, און ער גיסט אָן אויפסניי זייערע בעכערס. א סך יאָרן פון פורעניותן האָט ער הינטער זיך — די געשעענישן פון די יאָרן 1921, 1929, 1936 — און צווישן די און די איז ער תמיד אויף דער וואַך, שטעלט זיך תמיד אין סכנה. ער קוקט אויף זיי, וועלכע גייען מאָרגן און איבערמאָרגן אויף זייער אויפגאבע, זיינע אויגן גלעטן זיי פּאַטערלעך — זיינען זיי עס יענע? יענע, וואָס האָבן זיך אין די געשעענישן־יאָרן ארומגעדרייט צווישן די דערוואקסענע און געשטערט, זיך איינגעהאָרכט אין זייערע שמועסן, און אז „גע־פּאַקט״ עטוואָס וואָס האָט זיי אויסגעזען „סוד׳יק״, האָבן זיי פון מויל צו אויער זיך איבערגעגעבן קינדערישע פירושים, און צונויפקומענדיק זיך אינם דאכשטיבל איבערן שטאל צונויפגעשטעלט פלענער, ווען זיי וועלן ווערן דערוואקסענע...

און היינט איז געקומען זייער צייט זיך צו שטעלן ביי די טויערן פונעם היימלאנד עס צו באשיצן.

איז אויב אזוי — „ל־ח־י־י־ם״, און א בעכער שלאָגט אָן א בעכער.

צווישן די וויינט געסט איז געווען א טייערער גאסט. ער האָט עס געלייגט דעם פונדאמענט פאַרן משק, וועלכן ער באגלייט אין זיין אויפבוי און אנטוויקלונג. ער באטייליקט זיך אין טרויער, און אז

ס׳טרעפט א שמחה אין דער קאָלאָניע, איז ער מי די וואָס יומטובן.

זיין ברכה דעם יונגן פּאָרל הויבט ער אָן א ביסל פון ווייט — פון יענע ערשטע טעג, ווען זייערע עלטערן זיינען געווען ווי זיי. ער דערציילט די יונגע, וואָס דאָס האָט געהייסן בויען א משק, אויפשטעלן א משפחה, אויסהאָדעווען קינדער; אָבער דער שטראָם פון זיינע רייד רייסט זיך איבער, זיין שטים ווערט שטילער, און זיינע רייד טוען זיך א ווענד צו יענער זאך וואָס דערקוטשעט, וואָס רויבט די רו און די פרייד, און יענער איידעלער אומעט, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף אלעמענס פנימער, געפינט אויסדרוק אין זיינע רייד. ער רעדט וועגן דעם ווערט פונעם יחיד, וועגן דעם יחיד וואָס ווערט ארויסגעריסן פון אונדזערע רייען, וועגן אונדזערע קינדער וואָס פאלן צווישן אונדז, פאר אנדזערע אויגן, ביי אונדז אין שטוב. און מיט יעדן איינעם פון די געפאלענע ווערט צוגערויבט ביי אונדז א טייל פון אונדזער לעבנס־אינהאלט, א טייל פון אונדזער האָפענונג. יעדעס יינגל וואָס איז אויפ־געוואַקסן אין לאנד, יעדעס יינגל וואָס איז דאָ דערצויגן געוואָרן, יעדעס יינגל וואָס איז געקומען אין לאנד, איז אן אבר פון דעם גאנצן ישוב, און אז ער ווערט ארויסגעריסן פון דער ריי, ווערט די גאנצע ריי דערשיטערט.

מיר פילן נישט ווי ס׳גייען אריבער די נאכט־שעה׳ען. צום זונ־אויפגאנג ברענגען די שאָפערן אין באוועגונג זייערע מאשינען אין וועג אריין, און אויך דער גאסט איז צווישן די פאָרער. אינצווישנצייט זיינען אָנגעקומען שלעכטע ידיעות וועגן דעם וואָס ס׳קומט פאָר אויף די וועגן.

ס׳איז קיין ברירה נישטאָ — די שאָפערן מיט דער פּראָדוקציע מוזן ארויסרירן. די באגלייטער ריידן־צו דעם גאסט צו ווארטן, נישט פאָרן. ער שטויסט זיי אָפּ. און אין קעגנזאץ צו זיינע רייד נעכטן ביינאכט

ווייצלט ער זיך: וואָס איז דאָ דאָס פּלאַטערניש? נישט מער ווי א מענטש, איין מענטש.

די חברה פאַרלאָזט דעם הויף. פאַר אונדז — די בערג גלבוע, די וועלדלעך אין עמק, די פעלדער וואָס שוואַרצן נאָך א טיפער אַקערונג, גרינס־שטחים, און דער לויטערער הימל פון אויבן.

ריבונו של עולם, ווי שיין איז דאָס לאַנד! מען זאָל אונדז נאָר לאָזן לעבן א ביסל רואיק.

## ער האָט נישט זוכה געווען

דאָס דאָרף שטייט שוין פאַרטיק אויף זיין אָרט. די פעלדער זיינע פאַנאַנדערגעטיילט, די פּלעצער אָפּגעצייכנט; פאַר יעדן קאָלאָניסט זיין פּלאַץ; און אויך די מערהייט משק־בנינים און די פאַמיליע־וווינונג — א קליינער הילצערנער צריף — שטייען שוין גרייטע. צו יענער צייט איז צוגעשטאַנען א נייער קאָלאָניסט צום דאָזיקן דאָרף אין עמק יזרעאל. פון די אייראָפּעישע גרויסשטעט איז ער געקומען, נאָך יאָרן שטודיום. און נאָכן דערגרייכן זיין פאַרלאַנג אין די אוניווערזיטעט־זאַלן — האָט ער געענדערט זיין גאַנג, עולה געווען אין לאַנד און זיך גענומען צו לאַנדווירטשאַפט. דעם נייעם קאָלאָניסטס פּלאַץ איז נאָך געווען פּוסט, און אויך ער האָט אָנגעהויבן ווי זיינע פאָרגייער מיט בויען א קליינעם הילצערנעם צריף. מיט די אייגענע הענט, מיט דער הילף פון זיינע שכנים, האָט ער זיין צריף געבויט. האָט צוגעלייגט א ברעט צו א ברעט, א בעלקע צו א בעלקע. און ווען דער הילצערנער צריף איז שוין געווען פאַרטיק, און ס׳זיינען איבער־געבליבן בלויז עטלעכע קלייניקייטן צו פאַרענדיקן, האָט זיך צע־

פלאקערט די נאפטמאשינקע, און די וווינונג איז אראָפּ אינגאנצן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די עמערס וואסער פון די אָפענע קראנען, דער צריך איז פארברענט געוואָרן אינגאנצן, אז קיין זכר איז נישט פארבליבן.

אָן א דאַך איבערן קאָפּ, האָט דער נייער קאָלאָניסט אין אָוונט פון יענעם טאָג געגעסן ביים טיש פון זיין שכן. פארמאטערטע און אויס־געשעפּטע האָבן זיי געקייט דאָס ברויט, גאָרנישט רעדנדיק, נישט ארויסברענגענדיק קיין וואָרט פון מויל. ערשט ווען זיי זיינען ארויס־געגאנגען אין דרויסן זיך אָפּרוען, האָט דער נייער קאָלאָניסט א קוק געטאָן אויף די טליענדיקע האָלאָוועשקעס אין דער נאכט־פינצטערניש און א זאָג געטאָן: „דער צריך איז אוועק מיטן ווינט — באדויער איך עס, דאָס איז געווען מיין ערשטע ארבעט, וואָס כ׳האָב זי געטאָן מיט מיינע אייגענע הענט אינגאנצן. כ׳באדויער אויך א זאך וואָס איז פארברענט געוואָרן, אן אָנדענק פון מיין מאמען, אָבער...״ — האָט ער צוגעגעבן, קוקנדיק דעם שכן אין די אויגן, צי ער האָרכט אים — „כ׳באדויער נישט די פארברענטע באנקנאָטן. ס׳איז געווען נישט קיין קליינער סכום. כ׳האָב אים באשטימט פאר די באדערפענישן פונעם משק״. — משמעות, ער האָט דערפילט עפּעס־וואָס פון צווייפל אין זיין שכנס אויגן און איבערגעחזרט זיינע רייד מיט געראָגטקייט: „יאָ, יאָ, אזוי איז עס! כ׳וויל זיין גלייך מיט אלע. איר פארשטייט דאָך, איר דאָ אין לאנד האָט געליטן יאָרן, געהונגערט, זיך געראנגלט מיט שטערונגען מצד דער נאטור און מענטשן, איר זיינט געפאלן און האָט זיך צוריק אויפגעשטעלט און געקומען צו אייער נחלה מיט ליידיקע הענט. און איך? איך האָב די גאנצע צייט הנאה געהאט פון א קולטור־רעל און הרחבהדיק לעבן. כ׳האָב זיך נישט באגניגנט מיט ווייניק און בין געקומען צו אייך א זאטער ביז צו עקל. בין געקומען, און אין

האנט — א פארמעגן! און כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת: דאָס פאר־מעגן האָט געדריקט אויף מיר, און איך באדויער נישט וואָס ס'איז אוועק מיטן פייער..."

דער מענטש האָט געשוויגן, ס'האָט געשוויגן אויך דער שכן. אלץ ארום האָט געזונקען אין א טיפן שלאָף נאָך א טאָג מי און פאר א טאָג מי, און נאָר די האַלאָוועשקעס, וואָס האָבן אויפגעפלאַקערט אויפן ווינט, האָבן פון מאָל צו מאָל געלאָזט הערן א פלאַצעריי און באַלויכטן זייערע ביידנס פנימער — דאָס מיט אומעט דורכגענומענע פנים פונעם נייעם קאָלאָניסט, וועלכער האָט דורכגעמאַכט זיין וועג מיט ווייטע שטעגן, דורך פרעמדע לענדער און פעלקער, און דאָס פנים פון זיין שכן, דעם פועל, דעם ותיק אין לאנד, וואָס איז געקומען צו זיין נחלה מיטן גלייכן וועג פון קאַמף פאר ארבעט.

און שפּעטער, מיט דער צייט, איז געווען א מחיה צו זעען ווי דער נייער פירט ארויס זיין קו אויף דער פאשע אינדערפרי צום זונ־אויפגאנג. ס'איז אָנגענעם געווען אים צו זעען גיין פאַמעלעך נאָך זיין אַקער, באַרוועס, אָנגעטאָן אין א פשוטן לייוונטענעם בגד, באַ־גריסנדיק די וואָס קומען אים אַקעגן.

א גוטהאַרציקער איז ער געווען און א שׂמח בחלקו. און נאָר צייטנווייז, ווען זיינע חברים פלעגן זיך צונויפקומען, פלעגט ער זיך אויסרעדן פאַרביטערט: „נישט אזוי דאַרף לעבן א לאַנדווירט. ווייני־קער בהלה, ווייניקער איילעקייט. פון צייט צו צייט דאַרף א מענטש שטיינבלייבן און פרעגן זיך אליין: פון וואַנען און וווהין? מען בייטיקט זיך אין אָפּרו". און די חברים פלעגן אים טרייסטן: „וואַרט, מענטש איינער, די קינדער וועלן אויסוואַקסן, דער משק וועט זיך פאַרפול־קאָמענען, וועט קומען די צייט פון רו". ער האָט עס נישט זוכה געווען. ער איז געשטאָרבן יונגערהייט, און זיינע קינדער זיינען נאָך

געווען עופה׳לעך. און דער משק האָט נאָכנישט געבראַכט קיין הרווחה. מען האָט דעם בר־מינן געלייגט אין זיין צריף אויף דער ערד, און דעמלט האָט זיך דער אינעווייניק פונעם צריף באַוויזן אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט. ס׳זיינען אראָפּגעפאַלן די ווייסע דעקעס, וואָס פאַרגלעטן און פאַרגיטיקן; און ס׳האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר אַלעמענס אויגן — דאָס אייזערנע בעטל, און דער שטרויענער שעניק, און דער הינקעג־דיקער טיש, די פּרוכט פון זיין פערזענלעכער אַרבעט.

און אויך אויפן הויף האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן די משק־בנינים, וואָס זיינען נישט אַרויסגעענדיקט געוואָרן. און ביים פאַר־יתומטן וואָגן אין געשטאַנען די שכנה און האָט געקוקט אויף דעם געשפּאַן, געמאַכט מיט קנופּן פון דראָט, און געשטיקט פון געוויין א זאָג געטאָן צו א חברה: „ניין, דאָס פאַרמעגן האָט נישט געדריקט אויף אים!”

# דאָס דאָרף אין זיין טרויער

צי האָבן מיר אין אונדזער לעבן געהאַט מער טעג פון ליכט און פרייד, אָדער טעג פון שאָטנס און טרויער?

סיי די, סיי יענע האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף דער פיזיאָ־גנאָמיע פון דאָרף, אָבער דאָס ליכט האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט און באַהעפט מיט דער גאַנצער נאַטור, און די שאָטנס האָבן זיך קאָנדענ־סירט אין א שווערן שטיין, זיינען אראָפּגעזונקען אין די טיפענישן פון דער נשמה — און ווער עס איז פילעוודיק וועט פילן.

דאָס דאָרף האָט געהאַט אומגליקן! אין לעבן פונעם דאָרף, ווי

אין לעבן פונעם יחיד, איז נישט בלויז דער טויט אַן אומגליק, אָבער דער טויט איז דער גרעסטער אומגליק; ווייל נאָך אים בלייבט גאָרנישט, א ליידיקער רוים, וועלכן מען קאָן נישט אָנפילן. און אָט די מצבות וואָס קוקן אויף אונדזערע דערפער דערציילן: — מיר האָבן צוזאמען געלעבט, צוזאמען געוועבט דאָס לעבן־געוועב, און אונדז האָט דער גורל בייגעקומען, פארגעסט אונדז נישט!

מיר זיינען נישט קיין פארגעסערס. דער אומגליק איז איינגעקריצט אין דער נשמה פונעם יחיד און אויך אין דער נשמה פונעם כלל. די אומגליקן וואָס זיינען געשען דעם דאָרף האָבן אונדז, אפשר מער פון אַנדערע פאקטאָרן, פאראייניקט צו איין גרויסער און פילפאר־ביקער משפחה, די נהלל־משפחה.

אייגנטלעך האָט אונדז דאָס פאריתומטקייט באגלייט נאָך אויפן וועג צו אונדזער התישבות. אויף אונדזער גרינדונגס־פארזאמלונג אין גבעת־מחלול איז צווישן אונדז ארומגעדרייט א חבר און געפרעגט: — וואָס וועט זיין מיט מיינע קינדער, די יתומים נאָך דער מאמען? — די דאָזיקע פראגע איז געשטעלט געוואָרן דעם גאנצן ציבור: אָט הייבן מיר אָן א נייעם לעבנס־שטייגער, יעדע משפחה מיט אירע קינדער, — איז וואָס זאָל איך טאָן מיט מיינע קינדער אָן א מאמען?

און מיר געדענקען די העלהאָריקע שושנה. פון אירע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט די ליידן פון צופאסן זיך צו א לעבן פון ארבעט, וואָגלען פון אָרט צו אָרט און דער עיקר — פון צער־גידול־בנים. איר ערשט יינגעלע האָט זיך איר געפעלט אין דעם ארומוואנדרעווען, אין באדינגונגען וואָס אנטשפרעכן נישט די באדערפענישן פון א קינד, און זי איז פול געווען מיט פלאטערניש פאר אירע קינדער. איר עמפינדלעך הארץ האָט נישט אויסגעהאלטן און פאר אונדזער ארויפ־גיין אויפן באָדן האָט זי פארלאָזן אויף אייביק אירע קליינע קינדער,

אָבער אין אירע לעצטע טעג איז זי מיט איר געדאנק געווען צוגע־בונדן צום דאָזיקן אָרט.

אויף דער דאָזיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבן מיר געוווּסט, אַז ס'איז דאָ א טאַטע און ער האָט א פאַריתומט ייִנגל. דער־אָ־טאַטע האָט קיין פּראָגעס נישט געשטעלט; אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז ער ראַנגלט זיך מיט זיין ביטערן גורל. אַן איינזאַם לעבן פון א משפחה פון א געדונגענעם אַרבעטער אין א מושבה האָט דורכגעמאַכט רחל, א שווערן לעבנס־קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, פאַר איינהייטן א פּאַסיקע פּראָלעטאַרישע לעבנס־פאָרעם, אַיינהייטן א קולטור־ניוואָ און די שטרעבונג צו א זעלבסטשטענדיק לעבן, דאָס געפיל פון אומאָפּהענגיקייט פונעם אַרבעטסגעבער. א געזונטע און פעיקע צו שווערער אַרבעט האָט זי געוואָלט אָנקומען אויף איר נייער נחלה און איז דערפאַר געגאַנגען אויף א געפערלעכער אָפּעראַציע, און זי נישט אויסגעהאַלטן.

ווען מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן צו שאַפן א ייִדישן דאָרף, איז צווישן אונדז געווען שׂרה, אַן עמפּינדלעכע און אַקטיווע ביים באַהאַנדלען דאָס נייע לעבן. זי איז געבענטשט געוואָרן מיט אַלע כשרונות צו זיין איינע פון די בעסטע קאָלאָניסטינס, איינע פון די חברות וואָס זיינען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי איז געווען פון פּאָלטאַווע, א ציוניסטישע שטאָט, און צוזאַמען מיט דער ציוניסטיש־ייִדישער דערציאונג האָט זי באַקומען אויך רוסישע קולטור, אָבער קומענדיק אין לאַנד האָט זי באַוויזן זיך צו אַנטווייִנען פון אַלץ וואָס איז איר געווען טייער און נאָענט און איז געוואָרן איינע פון די בעסטע אַרבעטערינס אין לאַנד. בייטאָג — אַרבעט, און אין די אָוונטן — א העברעאיש לידער־בוך אין האַנט. און גראָד דעמלט ווען איר צוקינפטיק לעבן איז קלאָר געווען פאַר איר, ווען זי האָט זיך

געגרייט ווערן א מאמע, זיין א פּריוואַטע און בויען א יידיש דאָרף מיט אירע חברטעס — גראָד דעמלט איז איר לעבן איבערגעריסן געוואָרן אויף אן אומדערוואַרטן אופן.

אָבער, די מצבות אין גבעת־שימרון, וואָס קוקן אַראָפּ אויף אונדז די לעבעדיקע, דערציילן נישט וועגן די אַלע, וועלכע זיינען פון אונדז אוועק, ווייל נישט אַלע האָבן געפונען זייער קבר אין דער ערד פונעם דאָרף.

אין ערשטן יאָר פון אונדזער אַרויפגיין אויפן באָדן איז שווער קראַנק געוואָרן יצחק, מען האָט אים אוועקגעפירט אין שפּיטאָל אין תל־אביב, און ער איז דאָרט געשטאָרבן. זיין קערפּער האָט מען נישט באַהאַלטן אין די פּלאַסטן פון אונדזער ערד.

די שוואַכינקע צוויי־יעריקע רחלה, — איר קערפּערל האָט נישט אויסגעהאַלטן די ווינטן און די קעלט פון א לעבן אין געצעלט, זי איז קראַנק געוואָרן אויף א לונגען־אָנטצינדונג, אָפּגעפירט געוואָרן קיין חיפה און דאָרט אויך באַערדיקט געוואָרן.

וואָסער מין טויט האָט אונדז נישט באַזוכט? דורך מענטשן, דורך גאָט און דורך זיך אליין. א סך, א סך מאָל האָבן מיר געשפּרייזט צוזאַמען אין א טרויערצוג אויפן דאָזיקן וועג פון נהלל — גבעת־שימרון. אין רעגן־טעג און ווינטער, אין הייסע טעג און זומער, אין די פּרעכטיקע פרילינג־טעג — האָבן זיך די לעבעדיקע געזעגנט מיט זייערע טויטע. דער דאָזיקער טרויער־וועג האָט זיך אָנגעהויבן כ׳ תמוז, אין ערשטן יאָר פון אונדזער אַרויפגיין אויפן באָדן, מיטן טויט פון דער מאַמע נעכאַמקין.

ס׳געדענקט זיך זייער גוט אונדזער זיצונג יענעם טאָג, אויף וועלכער מיר האָבן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אן אָרט פאַר א בית־

הקברות. יענעם טאָג האָבן מיר זיך ווי אויסגעצייטיקט און געוואָרן א פארוואָרצלטער ישוב. ס׳זיינען געווען פארשיידענע פאָרשלאָגן, און ס׳האָט איבערגעוויגן דער מאָטיוו — לאָמיר האָבן די טויטע פאר די אויגן. און אזוי ארום זיינען מיר געוואָרן צוויי ישובים — איינער פראַצעוועט, האָרעוועט, זאָרגט פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג; און דאָרט אויבן — די וואָס מיר האָבן באגלייט צו אייביקער רו.

דער טויט איז אכזריותדיק. מען קאָן מצדיק דין זיין, ווען ס׳גייט אוועק א מאן א זאטער אין יאָרן, אָבער מיט וואָס קאָן מען מצדיק דין זיין, ווען ס׳ווערן פון אונדז אוועקגעריסן פולקרעפטיקע און שעפערישע? און זיבנפאכיק אכזריותדיק איז ער, ווען עלטערן דארפן באגלייטן זייערע קינדער. און אויך דערמיט זיינען מיר גע־פרוווט געוואָרן. אין אונדזער דאָרף זיינען געוואָקסן קינדער מיט געזונטע קערפערס און פרישע נשמות. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין שטערבלעכקייט אין יונגן עלטער, נישט געקוקט אויף די שווערע באדינגונגען, אין וועלכע מיר האָבן געכאָוועט אונדזערע קינדער. אָבער אומגליקן האָבן אונדז באזוכט. דוד יעקובי איז געפאלן פון די הענט פון מערדער. איז געשטאָרבן פון די וווּנדן פריער פון זיין טאטן. ערב־חנוכה האָט זיך אויסגעלאָשן זיין לעבנסליכט, און דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל איז נישט אָנגעצונדן געוואָרן אין גאנצן דאָרף. א פינצטערניש האָט איינגעהילט אונדזערע צריפים, ס׳האָט אונדז אלע, אונדזערע קינדער און זקנים, געצויגן צו יענע צוויי ליכט וואָס האָבן געברענט ביי דודס צוקאָפּנס.

און ווער געדענקט נישט יענעם פרייטיק ווען עמירם איז אויף אַן איבערראשנדיקן אופן איבערגעפאָרן געוואָרן? — נאָרוואָס ארויס פון שטוב, און שוין נישטאָ.

און אהר׳עלע, דאָס מחיהדיקע און קלוגע יינגעלע, — טעג פון

האָפענונג און יאוש האָבן מיר איבערגעלעבט פאר דער צייט פון זיין קראנקהייט.

חיה׳לע, די קליינע שטיפערקע, — ס׳האָבן איר נישט געקלעקט אירע כוחות אויסצוהאלטן די ליידן, און אירע אויגן האָבן געשטראלט מיט א באזונדער ליכט בעת איר ראנגלען זיך מיטן טויט.

שיין און טאלענטירט איז געווען יוכבד, — אויך זי איז פארברענט געוואָרן אין משך פון עטלעכע טעג, און די־אָ משפחה האָט פאַרלוירן אויך דאָס עופה׳לע צרויה.

און ס׳געדענקט זיך יענער טאָג, ווען מען האָט געבראכט צו קבורה א קינד, וואָס האָט נאָך קיין נאָמען נישט באקומען. א יינגעלע, וואָס האָט געזאָלט זיין די האָפענונג און דער אונטערשפאר פון די נישט יינגע עלטערן. ס׳זיינען געשטאָרבן עופה׳לעך, און אויך קינדער וואָס מיר האָבן אויסגעכאָוועט אין אונדזער דאָרף זיינען געשטאָרבן פאר אונדזערע אויגן. מיר געדענקען, ווי מען האָט זיי געבראכט איינגעוויקלטע פון די קימפעטאָרינס־הייזער. אלע פרייען זיך, אלע ווינטשעווען. ס׳גייען אוועק חדשים, א יאָר און נאָך א יאָר. דאָס קינד איז אויסגעוואקסן. ער האָט שוין זיינע אייגענע מיינונגען, אייגענע וועגן. די אויגן קוקן צו און שעפן נחת. און פּלוצעם האָט זיך דער לעבנס־פאָדעם איבערגעריסן. בעת דער טרויער־רייזע פון קיסריה קיין נהלל בין איך געזעסן לעבן שאָפער. דאָס איז געווען א מענטש אונדז אינגאנצן א פרעמדער, האָט אונדזערע מענטשן נישט געקאָנט, מלכה׳־לען אפילו קיין איין מאָל נישט געזען, און ער איז געזעסן און געוויינט: „ווי איז עס מעגלעך? — א מיידל פון זיבעצן יאָר, זאָגסטו״.

רבונו של עולם, א מיידל פון זיבעצן יאָר! ביז מען כאָוועט אויס אזעלכע!

און נישט אלע אונדזערע קינדער האָבן מיר איינגעזאמלט און

מיר האָבן באַצאָלט א טייערע פרייז אין דער בלוטיקער מלחמה. מיר געדענקען אונדזערע טייערע אונטער די חורבות פון טאָברוק, אין די ים־טיפענישן, אויף דער ערד פון איטאַליע.

דאָס דאָרף איז ממשיך זיין געוויינלעך לעבן. עס שיינט די זון, באָדט אויס מיט אירע שטראַלן דאָס דאָזיקע שטיקל ערד, און אלץ הייבט זיך אָן פונסניי. מיט יעדן אומגליק פלאַצט עפעס אין דעם לעבן פונעם פרט, אין לעבן פונעם דאָרף. מען זאָגט, די צייט היילט אויס. אפשר וואַקסן זיך צוזאַמען די שפּאַרעס, אָבער א שראַם בלייבט איבער. און אין אונדזער דאָרף זיינען צו שטאַרק טיף די שראַמען.

# שכנות

— יומטוב וועל איך זיך אויסרוען, וועל איך זיך זיכער אויסרוען, — זאָגט איין שכנה צו דער אנדערער און רעדט ווייטער — עפּעס א קליינינקייט? צוויי טעג יומטוב און נאָך א שבת דערצו!

— ווי וועסטו זיך אויסרוען? — פרעגט די צווייטע מיט צווייפל — מעלקן דאַרף מען, אין אָרדנונג ברענגען דעם לול דאַרף מען, עפּעס וואָס נאָך צוקאָכן צו דעם פריער צוגעגרייטן דאַרף מען, און נישט ברענגען אין אָרדנונג די שטוב קאָן מען נישט. נו, און די מילך וואָס בלייבט אין שטוב און מען מוז פון איר עפּעס מאכן, און דאָס איז נאכנישט אלץ; און דער עיקר — געסט!

— קיין געסט וועלן דאָס מאָל נישט קומען, כ׳האָב קיינעם נישט פארבעטן, כ׳האָב פשוט אויפגעהערט צו פארבעטן — איז זי געבליבן ביי אירן — וועסט זעען, אז כ׳וועל זיך אויסרוען. גאנצפרי וועל איך ארויסענדיקן אלע נייטיקע ארבעטן און דערנאָך זעצן זיך אין גערטל צווישן די בלומען. צוליב וואָס כאָווע איך בלומען?

די שכנה האָט אויף איר א קוק געטאָן מיט א שמייכל, און אזוי זיינען זיי זיך צעגאנגען.

דער יומטוב האָט זיך דערנענטערט, ארבעט איז געווען א סך, און ביידע שכנות האָבן זיך פארטאָן אין דער ארבעט. די האָט יענער געזען ארבעטן אויפן הויף, און יענע דער לויפן אין קראָם, אין מעלקעריי, אין דער פּראָדוקטן־אָפּטיילונג. און ווען ס׳איז געקומען ערב יומטוב, זיינען זיי נאָך מער פארנומען געווען און איינע האָט

די אנדערע נישט געזען. נאָר פאַרנאַכט־צו איז איינע אין יאָגעניש אריין צו דער צווייטער:

— אפשר האָסטו אַן איבעריק ביסל פּודינג־פּודער, מען דאַרף צוגרייטן נאָך אַ ביסל, ס'זיינען געקומען די עלטערן פונעם מיידעלע, וואָס איז געווען ביי אונדז אויף די וואַקאַציעס.

באַקומען דעם פּודינג־פּודער, איז זי אַוועקגעלאָפן. און אין אַ שעה אַרום:

— אפשר האָסטו אַן איבעריק... און ווייסט ווער ס'איז געקומען? איך האָב אַ גאַסט, אויפן דאָזיקן גאַסט וואַרט איך ממש יאָרן שוין...

און ווייל זי האָט זיך זייער געאיילט, האָט זי נישט באַוויזן צו דערציילן ווער דער גאַסט איז, נאָר ווען זי איז אַריינגעקומען לייען טעלעכע טעלער, האָט זי זיך צוגעזעצט אַ רגע און דערציילט:

—דאָס איז מיין חברטע, מיר זיינען געווען חברטעס נאָך אין דער היים, אין גלות. אַלע יאָרן האָבן מיר זיך אין לאַנד כמעט ווי נישט באַגעגנט. מיר האָבן אַמאָל געטרוימט וועגן אַ בשותפותדיקער צוקונפט, אָבער אונדזערע וועגן זיינען זיך צעגאַנגען. איך בין אַן אַרבעטערין, אַ פויערטע. זי — אַ לערערין אין שטאָט, אין אַ גרויסער שול. איך בין פאַרטאָן אין מיינע זאַכן, און זי אין אירע. און אָט איז זי היינט געקומען. איצטער וועלן מיר זיין צוזאַמען. — און מחמת גרויסער געריררטקייט האָט זי אַרומגענומען די שכנה. במשך פונעם אָוונט האָט זי באַוויזן אַריינצוקומען נאָך אַ פּאָר מאָל, אפשר נעמען טעלעכע שטולן און נאָך עפּעס וואָס פעלט, און צום געוויינלעכן טיש האָט מען צוגעשטעלט נאָך איינעם, און אין שטוב טומלט זיך פון פיל געסט.

בעת דעם אָונטברויט האָט זיך געהערט אַ פריילעכער טומל פון הויז: מ'האָט גערעדט, געזונגען, און אויך דער שכנהס אָנגענעמע

שטים האָט זיך געלאָזט הערן. אלע האָבן געזונגען אין כאָר ביים טיש, און זי, די שכנה, איר שטים האָט זיך געהאָרכט פון קיך, אמאָל פון שלאָפצימער און אמאָל פון אַן אנדער ווינקל אין שטוב. האָט איר שכנה פארשטאנען דעם פּירוש דערפון: זי לויפט פון איין אָרט אויפן צווייטן צו דערלאנגען עסן, צוגרייטן געלעגערס און אונטער־ברענגען וואָס ס׳פעלט צו. און שפּעט ביינאכט, נאָכדעם ווי זי וועט אלע באלייגן, וועט זי אויסשווענקען דאָס געפעס, זיך אריינקוועטשן אין קינדער־בעטל, ווייל קיין אנדער אָרט איז נישטאָ, און אזוי וועלן אריבער די ווייניקע שעה׳ען פון אָפּרו.

די פרייד האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון שטוב דעם גאנצן יומטוב. מ׳האָט איינגעשפּאנט אַ וואָגן, מ׳איז געפאָרן זעען די געגנט, מ׳האָט געשפּאצירט איבערן דאָרף, געטרונקען טיי אין שאָטן פון די ביימער און געזונגען, געזונגען א סך ארץ־ישראל־לידער און אויך רוסישע לידער, וואָס מ׳האָט זיך דערמאָנט. די געסט, וועלכע זיינען בעצם געווען פרעמדע צווישן זיך, האָבן באוויזן אָנצובינדן פריינטשאפט־באציאונגען. פון דער שכנהס שטוב — שמועסן און דיסקוסיעס. דער שכנהס שטים הערט זיך נישט קיין סך, און אויך נאָכן געשפּאנטן וואָגן ארויסצופאָרן אויפן שפּאציר האָט זי נאָכגעאיילט די לעצטע, נישט באוויזן, משמעות, צו פארענדיקן די ארבעט.

ס׳זיינען אריבער די יומטוב־טעג. ארום דער שטוב האָט דער הארבסט־ווינט ארומגעטראָגן די ארויסגעוואָרפענע פּאפּירן, שאָלעכץ פון פרוכטן האָבן זיך ארומגעוואלגערט, און א סך טעפּ מיט עסן־שיריים האָבן געוואָרט אין דער ריי. און די צוויי שכנות האָבן זיך ווידעראַמאָל באגעגנט. נישט ווארטנדיק אויף קיין פראגעס, האָט די שכנה דערציילט איר שכנטע:

— ניין, כ׳האָב זיך נישט אויסגערוט היינטיקן יומטוב, אבער מיר

האָבן באשלאָסן, איך און מיין חברטע, אז אין א רואיקער צייט פון ארבעט וועל איך קומען צו איר, און דעמלט וועל איך זיך אויסרוען. כ׳וועל זיך זיכער אויסרוען.

ווען ס׳ענדיקן זיך די ימים־טובים, הייבט זיך אָן דער פּראָצעס, וואָס איז אַלגעמיין פאר אלע ערד־ארבעטער אויף דער גאנצער וועלט. מען רופט אים: „נאָכנישט און שוין״: ס׳האָט זיך נאָכנישט געענדיקט די־אָ ארבעט, און ס׳ווארט שוין א צווייטע. ס׳האָט זיך נאכנישט געענדיקט דאָס דרעשן דעם מאַאיס, און ס׳איז שוין געקומען די צייט צו אקערן דאָס פעלד; האָסט נאָכנישט באוויזן צו ענדיקן די אקער־רונג, און די צייט צו פארזייען איז שוין געקומען; האָסט קוים אָנגעהויבן פארריכטן די דעכער, און דער רעגן הענגט שוין איבער דיין קאָפּ, און נאָך און נאָך.

דער דאָזיקער פּראָצעס פון „נאָכנישט און שוין״ האָט ארומגעיאָגט אויך די שכנה פונעם זונאויפגאנג ביז דער שקיעה: איינזאמלען די הארבסט־פּרוכט און צוגרייטן די ווינטער־גערטנער, אָפּקלייבן אין לול און צוגרייטן א נייע אויסבריאונג, פארריכטן ארבעט־מלבושים און אויפנייען ווינטער־מלבושים, — ס׳דערנעענטערן זיך דאָך די קאלטע טעג. זי איז געווען, די שכנה, זייער פארמאטערט און האָט געזוכט פאר זיך א ביסל מנוחה און גייסטיקע רו.

סוף־כל־סוף איז געקומען דער באגערטער טאָג. און ווידער דאָס אייגענע, אינאָנהייב האָט זי געטראכט צו פארלאָזן די שטוב סוף וואָך, כדי צו האָבן א פרייען שבת. א שבת פאר זיך אליין אָן זאָרגן פאר אנדערע: זי וועט זיך זיצן ביים טיש, און מען וועט איר דער־לאנגען די שבתדיקע מאכלים. איר חברטעס שטוב וועט זיך געפינען אין א שבתדיקער שטימונג, מ׳עט אָנצינדן שבת־ליכט. זי האָט זייער געבענקט נאָך דער שבת־טראדיציע. זי האָט אמאָל געטרוימט איינ־



דבורה מיטן אייניקל — יעל, 1950

צופירן זי אויך ביי זיך, אין איר שטוב. און ווירקלעך, ווען די קינדער זיינען נאָך קליין געווען, און זי האָט זיי צוגעגרייט צום קבלת־שבת, וואָס איז איינגעפירט אין בית־הספר, איז אויך זי געווען זייער געשפאנט, האָט צוגעאיילט דעם חבר צו ענדיקן די ארבעט, און דאָס ווייסע טישטעך מיט די ליכט אויפן טיש האָבן דערמאָנט דער מאמעס היים. אָבער שפּעטער, ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואָקסן, און זיי האָבן ליב צוקומען אהיים דווקא א ביסל פאר דער שקיעה, זיך אָפּרוען, טרינקען א גלאָז טיי, פאררייכערן א ציגאר, דערנאָך ציט זיך נאָך די ארבעט אין שטאל ביז ס׳ווערט פינצטער, און אויך אין דער מעלקעריי פארהאלט מען זיך צו שמועסן א ביסל, און מען ענדיקט די ארבעט שפּעט ביינאכט, — איז וואָס פאר א טעם האָט שוין אָט דער שבתדיקער אָוונט.

זי האָט געוואָלט אוועקפאָרן פון דער היים פאר שבת, אבער ווי לאָזט מען איבער די משפחה אליין אום שבת? און זי האָט אָפּגעלייגט די רייזע אויף זונטיק. זי האָט נאָכאמאָל רעווידירט די שפּייז־רעזערוון און די ארבעטס־מלבושים, צוגעגרייט מתנות פון דאָרף פאר דער שטאָט. „דאָרט, אין שטאָט, לעבן זיי פון געקויפטן״, — האָט זי גע־טראכט. ס׳איז נישט לייכט צו פירן איילבירטן, פונדעסטוועגן האָט זי מיטגענומען א סלאָי פאר איר חברטע, און פרישע אייער פונעם לול און שווארץ ברויט פון ריינעם ווייץ, עפּל פון די קעסטלעך און נאָך א ביסל פון דעם און א ביסל פון יענעם. זי וואָלט נעמען נאָך, האָט זיך אָבער געשעמט פאר דער חברטע — גלייך זי וואָלט איר באצאָלן פארן גאסטגעבן.

אין יענער לעצטער נאכט איז זי געווען דענערווירט, גלייך ווי ווער ווייסט וווהין, און ווער ווייסט אויף ווי לאנג זי פאָרט. דאָס פאָרן גופא האָט זי שוין אויפגערודערט. זייער זעלטן פלעגט זי פארלאָזן די היים

און דאָס דאָרף. איר דאָרף איז איינגעאָרדנט און אָרגאַניזירט און האָט איר צוגעשטעלט אַלע אירע באַדערפעניש. די צייט פון געבוירן און קראַנק זיין פלעגט זי זיין אין דעם נאָענטן שפּיטאָל און אויך די צייט פון קומען צו די כוחות — ערגעץ־וווּ נאָענט. קיין געזעלשאַפט־לעכע טוערין איז זי נישט געווען, צו טאָן עפּעס פאַר דעם ציבור איז זי קיינמאָל נישט געשיקט געוואָרן. אין טאָג פון דער רייזע איז זי אויפגעשטאַנען נאָך פריִער ווי געוויינלעך, האָט נאָך באַוויזן אריינ־צוכאַפּן זיך צו דער שכנה זיך געזעגענען, און איז מיט אַן אָנגעפּאַקט קיישל מתנות און אַ פּעקל פאַר זיך אַליין אַרויסגעפאָרן פון דאָרף.

ס'האָט איר אויסגעזען אויסטערליש, וואָס זיצנדיק אין אויטאָ וואָס פירט איר אין דער נאָענטער שטאָט, האָט זיך פון איר מיטאַמאָל אָפּגעטאָן אַ יעדע זאָרג. ס'איז געווען אַזוי אָנגענעם צו פלוידערן גלאַט אַזוי מיטן פויער דערלעבן. דאָס איז נישט געווען יענער תכליתדיקער שמועס, צו וועלכן זי איז געוווינט געווען בעת באַגעגע־נישן מיט די דאָרפסלייט. אָנגענעם און לייכט איז געווען דער דאָזיקער שמועס, וואָס איז נישט צו גאָרנישט מחייב. אויך דער וועג האָט איר אויסגעזען צו זיין אינטערעסאַנט. אָט איז צוגעקומען אַ גרויסער אַרבעטער־קוואַרטאַל אין דעם נאָענטן קיבוץ, ס'זיינען אויפגעבויט געוואָרן גרויסע קינדערהיימען, אַלץ ניי. דאָס געפיל פון דער דאָזיקער באַנייאונג האָט זי נישט אָפּגעלאָזן אויך אין איר ווייטערדיקן פאָרן.

ווען זי איז געקומען צו איר ציל און אַראָפּגעגאַנגען פון אויטאָ, האָט זיך איר דער קאָפּ געדרייט אַ ביסל, אפשר מחמת מידקייט און אפשר צוליבן רויש פון דער גרויסער שטאָט, צו וועלכן זי איז נישט געווען געוווינט. אין דער צייט, פאַרנאַכט־צו, איז דער חברטעס גאַנצע פאַמיליע געווען אין שטוב. ס'איז גרויס געווען די פרייד צוליב דעם באַגעגעניש, און פון דער ערשטער רגע אָן האָט זי זיך

דערפילט ארומגערינגלט מיט אמתער זאָרג פון א נאָענטן מענטשן. איר חברטעס שטוב איז נישט ווייט געווען פון ים, און דער ווינט וואָס בלאָזט, דאָס פרישקייט וואָס ער האָט געבראכט, האָבן איר צוריקגעקערט צו אירע יוגנט־יאָרן. ס׳איז געווען אזוי וווּנדערלעך צו זיצן אזוי אויף דער וועראנדע מיטן פנים צום ים, זיך איינהאָרכן אין דעם שורשען פון די כוואליעס. ווען זי האָט פארמאכט די אויגן, האָט זי זיך דערזען א מיידעלע אויפן ברעג פונעם גרויסן טייך, ווו זי איז אויפגעוואָקסן.

זי האָט זיך אָפגעזאָגט פון איר חברטעס אלע פּלענער צו פאר־ברענגען דעם אָוונט ערגעץ אין א פארוויילונגס־אָרט. בלויז זיצן, זיך איינהאָרכן צום ימס געברום און פריי זיין פון יעדער זאָרג, פון יעטוועדער נייטיקייט עפּעס צו טאָן. אין יענער ערשטער נאכט אויסער דער היים האָט זי זיך געלייגט פרי שלאָפן, און דאָס געפיל פון פריי זיין און בלייבן אליין אין צימער, ווו קיינער וועט זיך נישט צו איר, ווו קיינער רייסט נישט איבער אירע געדאנקען, האָבן איר צוריקגעגעבן עפּעס־וואָס פון דער ווייטער פארגאנגענהייט, וואָס זי האָט שוין לאנג אָנגעוואוירן. זי איז איינגעשלאָפן, ווי א שטיין וואָס זינקט אראָפּ אין תהום, מיט איין מאָל. מיטן שאריען זיך אויף טאָג האָט זי זיך אויפגעכאפּט. אין דער ערשטער רגע האָט זי נישט געדענקט אז זי איז נישט אין דער היים, אין איר משק, און ווי אין משך פון לאנגע יאָרן פויעריש לעבן איז דער ערשטער געדאנק געווען —מעלקן, און אז זי האָט זיך געכאפּט אויף איר טעות, האָט זי זיך צעלאכט פאר זיך אליין. זי האָט געפּרוּווט בלעטערן דאָס בוך וואָס ליגט דערלעבן, האָט דאָס אויך נישט פאראינטערעסירט. אויפ־צושטיין איז נישט געווען צו וואָס, איז זי אזוי געלעגן איינגעדעקט אין דעראינערונגען פון דער פארגאנגענהייט. דער פאקט גופא פון

נישט דארפן זיך איילן האָט אויסגעפילט איר גאנץ וועזן. ס׳איז אריבער א מעת־לעת און נאָך א מעת־לעת. די חברטע האָט באקומען אורלויב, האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאנצן מיטן גאסט, נישט געלאָזט איר טאָן די מינדסטע זאך. זיי האָבן שפּאצירט אין שטאָט, באזוכט פאָרשטעלונגען. א סך זיך געפרייט, אין א סך זאכן זיך דערמאָנט און געמאכט פּלענער אויף א לענגערער צייט.

אויף דער דריטער נאכט איז זי אומרואיק געשלאָפן. די מידקייט איז אוועק. זי האָט ווידער געוואָלט זיך איבערגעבן די זכרונות, אָבער יעדער געדאנק האָט זיך גלייך איבערגעריסן, ס׳האָט זיך פאַר־לוירן דער פאָדעם, און שטאָט דעם זיינען אויפגעקומען בילדער פון דער איבערגעלאָזטער היים, דעם משק. זי האָט בעשיימפערלעך געזען די שערענגע שמוציקע כלים. אויך פאַר דער צייט פון איר קראנק־הייט איז אזוי געווען. די קינדער פלעגן אָנפילן די וואסער־שיסל מיט וואסער, די טעלער זיינען אין איר ארומגעשוואומען, און זיי האָבן דאָס צוליב עפּעסוואָס אָנגערופן „דער ברינדיזער ים״. זי האָט זיך דערמאָנט דעם רעגן וואָס גייט אין די הויפן, די בלאָטע, און זיי, די מאנסבילן, היטן זיך נישט אוודאי און גייען אריין אין שטוב מיט די פארבלאָטיקטע שטיוול.

און מער פון אלץ האָט איר געפייניקט דער געדאנק וועגן חבר, דעם טאטן פון אירע קינדער. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז ער זיצט אליין, מיד, ביים טיש. די קינדער פארברענגען דעם אָוונט אין פארשיידענע טועכצן, און ער, דער טאטע, בלייבט אליין; דערנאָך גייט ער אריין אין ליידיקן שלאָפצימער, וועלכער איז קאלט אין אָט דער רעגנדיקער נאכט. ס׳האָט איר פארקלעמט דאָס הארץ פון ווייטיק פאר דעם מענטשן, מיט וועלכן זי האָט יאָרן געשפאנט צוזאמען אין פריידן און ליידן. נישט שטענדיק אין פולשטענדיקער פארשטענדעניש,

נישט תמיד אין פולשטענדיקן פרידן. נישט איין מאָל האָט זי זיך ארויסגעכאפּט פון שטוב אין א וועלכן ווינקעלע אויפן הויף, בעת טרערן שטיקן איר אין האלדז. פונדעסטוועגן צוזאמען, צוזאמען זיינען זיי דורכגעגאנגען א היפּש שטיקל וועג פון אויפכאָוועו א פאמיליע און אויפבויען א משק. און פארוואָס קומט עס איר דער דאָזיקער אורלויב? איז ער נישט פארמאטערט? און אין משק? האָט מען דאָרט נישט פארגעסן צו פארשליסן דעם לול? און „שחרורה” אָט די שחרורה — ווי זי הייסט אזוי איז זי — האָט ליב ארויסצוווארפן פון זיך דאָס קייטל, ארומשפּאצירן איבערן שטאל און פארזוכן איבער דער מאָס פון דעם פראָוויאנט-מאגאזין.

זי האָט געמאכט ליכטיק, געפּרוווט אריינקוקן אין א בוך, און כמעט נישט פארשטאנען וואָס זי לייענט. ס'האָבן זיך לאנג געצויגן די נאכטיקע שעה'ען, און פון גלאט מחשבות איז געוואָרן זאָרג.

ערשט האָט זיך שוין מיט אומגעדולט געוואַרט אויפן מאָרגן. פארשעמט און זיך פארענטפערנדיק האָט זי דערקלערט דער חברטע, אז זי מוז פארקירצערן דעם אורלויב און זיך אומקערן אהיים.

אין דער באשטימטער צייט איז איר חברטע געגאנגען אויסשיטן קערנער פאר די הינער און האָט באשלאָסן כאפּן א קוק אויך צו דער שכנהס לול:

— ווער ווייס אויב די יינגלעך פוילן זיך נישט און לאָזן דורך א מאָל עסן געבן די עופות.

און אָט — איז זי, די שכנה. זי טראָגט נאָך דאָס יומטובדיקע קלייד און דאָס זיידענע טיכל — און זי שיט קערנער פאר אירע הינער...

די ערשטע רגע האָט זיך דער שכנה געגלוסט פארקלאָגן זיך אויפן שווערן לעבן, דאָס לעבן פון א פויערטע, און אויפן יאָך פון ארבעט

און דער זאָרג, וואָס מען קאָן פון זיי נישט אנטרינען; די ערשטע רגע האָט זיך איר געגלוסט אויסגיסן דאָס הארץ־ביטערניש. אָבער די שווארצע ערד, אָן אדורכגעזאפטע מיט רעגן־וואסער, אָט די ערד וואָס טראָגט אין זיך דאָס קערנדל וואָס אין איר אויסגעשטרעקטער האנט פאר די לעבעדיקע באשעפענישן, וועלכע קוקן זי אויס, די דאָזיקע ווירקלעכקייט האָט צעטריבן די געדאנקען פון דער רגע, און זי איז ווידער געשטאנען זיכער אויפן פעסטן באָדן.

1947

## באגעגעניש

„די בולגאָרין"

כ'האָב זי באגעגנט אויף א שטעגל צווישן די שטיגן פון די הרי־ירושלים, אָן ארומגעוויקלטע מיט א גרויסער בולגארישער טוך. די מענטשן מיט וועלכע זי האָט זיך פארנומען, האָבן יענעם טאָג פארפלאנצט זייערע ווינטרויבן־פלאנצן — זייערע צוקינפטיקע וויינגערטנער. זי, „די בולגארין" — און זיי, „די קורדן", האָבן געפונען זייער בשותפותדיקע שפראַך אין אויפשטעלן אויפסניי זייער הויז. און דאָס איז דאָס וואונדער — ווי האָט זיך דאָס די נייע קאָלאָניסטן איינגעגעבן צו באשאפן דאָס געפיל פון א היים, א פאטריארכאלישע היים, אין די צעוואָרפענע געצעלטן און פאַלאַטקעס, וועלכע שאָקלען זיך אויפן ווינט.

אין די אָוונטן, נאָך א שווערן טאָג ארבעט, זיצן זיי — פאַרצווייגטע פאמיליעס — ארום שייטער. די ווייבער גרייטן צו גוטע גרינוואַרג־געקעכטסן, און די מאַנסבילן דערציילן פון די טאָג־געשעענישן, און

אויך פאר זכרונות פון דער פארגאנגענהייט געפינט זיך דאָ אַן אָרט. די קורדישע ווייבער האָבן תמיד פולע הענט מיט ארבעט. און משמעות, אז די דאָזיקע צוויי אייגנשאפטן — פלייסיקייט און דאָס פעאיקייט אין יעדן ווינקעלע צו באשאפן א היים, האָבן געדינט פאר א בריק צווישן דער בולגארישער מדריכה און צווישן זיי, די יוצאי־קורדיסטאן.

אויך זי האָט פארשטאנען צו שאפן א ווארעמע היים אין איר ווינקל, אין דעם „בלאָקאָן", אין א סביבה וואָס איז איר פרעמד, ווייט פון איר משפחה. ס'קומען אהין די אָרטיקע טוער איינצושטעלן די ארבעט, שליחים פון דאָרף קומען זיך בעראטן, און א גאסט וואָס פאלט אריין אהער, באקומט א גוטע אויפקלערונג וועגן די פראָב־לעמען און ענינים אויפן נייעם אָרט. ס'איז איר נישט געלונגען אויפצושטעלן אַן אייגענעם משק, אָבער זי בויט א ניי דאָרף אין די הרי־ירושלים. דאָס דאָרף טראָגט דעם נאָמען פון איינעם פון די איידלשטיינער. שטיינער זיינען אין אים פאראן אָן א שיעור, און ס'ליגט אויף אים דער איידעלער חן פון די קאָלאָניסטן און זייערע מדריכים.

•

## די תימנערין

די שטיין־מצבה ביים אריינגאנג אין די גרענעצן פונעם נגב דערמאָנט די גייערס אויפן וועג אין יענע, וועלכע האָבן זייער לעבן אוועק־געגעבן פאר דעם אויפלעבן דאָס דאָזיקע שטיקל באָדן. און דער פארבייגייער דערמאָנט זיך. ער לייענט זייערע נעמען און זעט זיי אין זיין דמיון, די בחורים־יינגלעך, וועלכע צעלאָזן זיך איבער די

שטעגן פונעם נגב אים איינצונעמען. נישט מיטן שאָסיי־וועג זיינען זיי געגאנגען. צווישן די דערנער פון סאברעס, איבער פעלדער אָן א וועג האָבן זיי געשפאנט, לעבן די גרויע „חושות" האָבן זיי זיך באהאלטן, און נישט אומזיסט זיינען געוועזן די קרבנות — דער באַנייטער נגב מאכט אויפשפראָצן מענטשלעכע כוחות.

ס'איז פאראן עפּעסוואָס באזונדערס אין דעם דאָזיקן הארבן נגב — ער בינדט צו זיך צו. עטלעכע מאָל האָט מען איר פאָרגעלייגט, דער תימנערין, וועלכע האָט פארלאָזט איר היים און די קינדער און אייניקלעך און עולה געווען מיט די ווייבער פון איר עדה אויף א וויסט אָרט, ווו ס'פעלט אויס טרינק־וואסער, — זי זאָל אריבערגיין אויף א פיל לייכטער אָרט. א יאָר, צוויי יאָר, אָט איז שוין דאָס דריטע יאָר. גענוג. יאָ, זי פארשטייט, יינגערע פון איר דארפן קומען און זי פארטוישן. אָבער ווען ס'קומט דערצו און זי דארף איינפּאקן אירע זאכן און געזעגנען זיך מיט אירע לייט, מיט וועלכע זי האָט זיך פארנומען פון דער ערשטער רגע, ווען זיי זיינען ארויף אויף דער ערד, — ענדערט זי איר באשלוס: נאָכנישט. און איינמאָל, ווען מען האָט איר בעת א שמועס געזאָגט, אז ס'זיינען פאראן נאָך מענטשן וואָס נייטיקן זיך אין איר, האָט זי מסכים געווען אריבערצוגיין: „גוט, אָבער אין נגב". דערנאָך האָט זי צוגעגעבן: „דו ווייסט נישט וואָס פאר אן אַראָמאַט ס'האָט דער נגב. ביינאכט, ווען אלץ שלאָפט איין, ס'איז וואַך נאָר דער הימל פון אויבן, און ארום איז א דערהויבענע שטילקייט, דעמלט האָט זי, די דאָזיקע ערד א באזונדער אראָמאט, א בראשיתדיקן".

# אין געדענק־טאָג

איר, פאַריתומטע מאַמעס נאָך קינדער וואָס האָבן באַשיצט ירושלים,
טעכטער פון מזרח, אַלטגעזעסענע איינוווינערינס פון די געסלעך פון
דער הויפּטשטאָט,
אויף אסיפות און טרויער־צונויפקומס האָבן מיר זיך נישט באַגעגנט.
קיין הספּדים פון בימהס האָט איר נישט געלאָזן הערן.
קיין טרייסט־בריוו האָט מען צו אייך נישט געשיקט.
איר האָט אייער האַרץ־בראָך געטראָגן אין דער פּיין פון דעם באַ־
לאַגערטן ירושלים,
איר האָט פרייַ נישט אָפּגעאָטעמט אויך אין דעם באַפרייטן.

איצטער — צום מקבל־פּנים זיין די ספר־תורה „קוממיות״ זיינט איר
געקומען.
חברותוויַיז, מיט די קינדער און קרובים האָט איר זיך אַרומגעשטעלט
אַרום אָרון־קודש
און אויסגעגאָסן אייער ביטער האַרץ אין פולן ווייַ פאַר דעם טייערן
פאַרמעג,
אין וועלכן ס׳זיינען אַריינגעפלאָכטן די נעמען פון אייערע טייערסטע.
מיט פלאַטער האָבן אייערע הענט באַרירט דאָס פּרוכת, געוועבט פון
אַ טאָכטער פון אייער עדה.
קורדינס און בוכאַרערינס, פּערסערינס און תימנערינס —
די תורה פון „התגברות״ האָט איר נישט מקבל געווען.
מיט אַ שפע טרערן און הויכע קולות האָט איר זיך אויסגעטענהט.

צופוס, צום הר ציון, האָט איר געשפּאַנט נאָך דעם דאָזיקן פּיל־
באַדייטנדיקן צוג.
און אייך, דער עיקר אייך, האָבן מיט טרערן־גיסנדיקע אויגן באַגלייט
די מאסן
וואָס זיינען געשטאַנען אין די גאסן.
צוזאַמען מיט אייך האָבן געוויינט די בערג פון ירושלים און
אירע שטיינער.

# די גבורה פון א מאמע

אירע אַרבעט־חברטעס אין דעם קינדער־אַנשטאַלט רופן זי די מאמע
ס ע נ ע ש. אויף דעם נאָמען קאָנען זי אויך די קינדער, וועלכע זי
דערציט און זינגט פאַר זיי אין יומטובדיקע טעג.

איך האָב זי געזען באַגלייטן מיט אירע מילדע אויגן א קינד,
וואָס גייט אַריין אין זיין צייטווייליקער היים. כ׳האָב זי געזען ווי
זי ווינטשט א ברכה פון א גערירטער מאמע א קינד, וואָס גייט
אוועק פונעם אַנשטאַלט אין זיין שטענדיקער היים. און כ׳האָב זי
געזען שטיין אַן אומגעבויגענע ביים אָרון פון איר טאָכטער, ווען
ער איז געבראַכט געוואָרן אין לאַנד. איר פּנים איז באַלויכטן און
א גרויס אינערלעך ליכט, און בלויז א טרער רינט אַראָפּ.

אַן איינגעהאַלטענע און שווייגנדיקע, מיט אַן אויפגעהויבענעם
קאָפּ, האָט זי געשפּאַנט — די מאמע סענעש — נאָכן אָרון.

אַזוי האָט זיכער געשפּאַנט די טאָכטער אויף איר לעצטן וועג
אַקעגן טויט.

1950

# אונדזערע קינדער אין תפיסה

(„פון אַנטקעגן״)

ווי האָט זיך עס אָנגעהויבן? ס׳איז געווען א יומטוב־טאָג — שמחת־תורה. און די פאמיליע האָט געוואַרט אויף אים, אויף דעם וואָס געפינט זיך די גאנצע צייט אויסער דער שטוב — „אויפן פראָנט״, ווי מיר זיינען געווינט געווען צו זאָגן. אלע האָבן געוואַרט, יעדער אויף זיין שטייגער. פון צייט צו צייט האָט מען געקוקט אויפן וועג, אין דער האָפנונג, אז אָט וועט ער זיך באַווייזן, ווי תמיד — א קאָנצענטרירטער, אָבער א שמייכלענדיקער און וויצלענדיקער. פון מאָל צו מאָל האָט מען גענומען די קליינע אויף די הענט און איר איינגעחזרט: „אָט וועט קומען דער טאטע״... און זי, גאָרנישט פארשטייענדיק, האָט זיך געלאָזן צו יעדן איינעם און פריילעך אונטערגעטענצלט. מ׳האָט געוואַרט אויף אָונט־ברויט. ס׳איז געוואָרן נאכט. מ׳האָט זיך מיאש געווען. און גאנצפרי האָט מען אויפסנייַ געוואַרט. פלוצעם איז אָנגעקומען א צעטעלע: ער וועט נישט קומען, ער קאָן נישט קומען. אויף דערצו זיינען מיר געווינט געווען. און דאָס טאָג־לעבן ציט זיך אויף זיין געוויינלעכן שטייגער. און אָט נאָך א צופעליקע ידיעה: עטלעכע מענטשן זיינען ארעסטירט געוואָרן אויפן וועג. און אין א שעה ארום — א צעטעלע געשריבן פון אים אליין, אויפן וועג אין תפיסה אריין, און ווי ס׳איז אָנגענומען — א ביטע זיך נישט איבערצונעמען. און דאָס הארץ האָט געזאָגט בייזע נביאות.

די פארטיידיקער פונעם היימלאנד וואַרפט מען אין תפיסה אריין. אין דער געזעלשאפט האָט געהערשט די זיכערקייט: ס׳קאָן אזוי נישט זיין. וויאזוי, פארוואָס?

און אָט איז געקומען דער טאָג פון דער ערשטער זעאונג. ווי אַזוי זעט מען זיך? צי וועלן מיר ביישטיין דעם נסיון און בלייבן רואיק? ווי קאָן מען זיך פאָרשטעלן א באגעגעניש מיט א זון פון אזא דיסטאנץ, וואָס איז שווער צו הערן זיין קול, דורך א דראָט־פארצוימונג און אין דעם בייזיין פון צענטליקער אויגן? אמת, איך בין נישט די ערשטע און נישט די איינציקע; אָבער דאָס לינדערט נישט דעם ווייטיק. די טרערן רינען פון זיך אליין. אָבער ווען מ׳האָט זיי דורכגעפירט אין א ריי, שטאָלצע און אויסגעגלייכטע, און זייערע בליקן זיינען זיכערע און פריידיקע — האָט זיך דאָס הארץ געפרייט צוליב די דאָזיקע זין, וואָס זיינען אויפגעוואקסן פארן היימלאנד.

צען מינוט האָט געדויערט דער שמועס, און זיי ווילן וויסן אלץ: וואָס זאָגט מען? וואָס טראכט מען? און דער משק? וואָס הערט זיך אין משק? ס׳איז דאָך שוין די פארזיי־צייט. ס׳הייבט זיך אָן אויסוויקלען א פויערים־געשפרעך, אָבער די צען רגע׳ס פארשווינדן, און א סוף צו דער באגעגעניש. מען פרוווט צוווארפן נאָך א וואָרט, און דאָס דאָזיקע וואָרט איז ווי דאָס וויכטיקסטע, אָבער ס׳בלייבט הענגען אין דער לופט, ווען ס׳דערהערט זיך דער אייביקער „יאללא״.

ס׳זיינען נישט געווען א זעלכע לאנגע טעג ווי אָט די, און נעכט וואָס האָבן נישט קיין סוף. און בעת וואָס דו זאָלסט נישט טאָן און וואָס זאָלסט נישט רעדן, שטייט דיר פאר די אויגן דאָס טייערע פנים, וואָס זעט דיר אויס אזוי קינדיש, ווי אין יענעם טאָג, ווען אין דיר האָבן זיך געראנגלט דער פחד און דער ווילן אָנצורירן דאָס פיצעלע צאפלדיקע קערפערל, און די ליפּן האָבן געמורמלט „מיין״.

און ווידער גרייט מען זיך צו א באגעגעניש. וויפל אזעלכע באגעגענישן זיינען דיר נאָך באשערט? אָט דער גאנג, אָט דער בליק.

א סך פראגעס און ווייניק צייט צו ענטפערן אויף זיי. און ווי צו מיר: ער שלינגט די טרערן, ווען ער קוקט אויף זיין קליין מיידעלע, שלינגט די טרערן ווי דעמלט ווען ער איז נאָך קליין געווען. נישט קיין הויך געוויין, נישט קיין קרים די ליפּן, נאָר א טרער נאָך א טרער שלינגט ער אראָפּ. דעמלט ווען ער איז א קינד געווען, האָב איך געוווּסט די טייטש דערפון: ער איז זייער באליידיקט צוליב דער אומגערעכטיקייט פון די גרויסע. וואָס איז זייער טייטש היינט? — יסורים „פון אנטקעגן". און די גאנצע נאכט יענע האָב איך געטראכט וועגן די דאָזיקע יסורים. ס'האָט זיך מיר געדאכט, אז צום ערשטן מאָל האָב איך פארשטאנען מיט מיין גאנצן וועזן זייער טייטש. פון דעם דאָך פון דער פעסטונג — איז דאָס גאנצע לאנד „אנטקעגן". וואָס פאר א ליידן זיינען עס פאר דעם ליבהאָבער פונעם היימלאנד, פאר דעם ליבהאָבער פון דער פרייהייט און די גרינע פעלדער!

ס'זיינען געקומען טעג פון יאוש. אויף דער וואָגשאָל פון דער גערעכטיקייט זיינען אנידערגעלייגט געוואָרן נישט נאָר דאָס לעבן און די פרייהייט פון דריי און פערציק פארטיידיקער פונעם היימלאנד — אונדזער גאנץ ווערק איז געשטעלט געוואָרן אויף פּראָבע אין די אויגן פון פרעמדע: פארטיידיקער אָדער מערדער?

דורך יסורים קויפט אונדזער פאָלק דעם ווילן א פאָלק צו זיין. דאָ אויף די ברעגן פונעם היימלאנד, אויפן ברעג פון שיינעם ים, אין דעם רואיקן מיליטער־לאגער, זיינען געמשפט געוואָרן יונגע זין. טייל פון זיי געבוירענע אין לאנד, וועלכע האָבן קיין אנדער היימלאנד נישט געקענט, טייל ארויסגעטריבענע פון א טיראנישער אָרדנונג — זיי זיינען געמשפט געוואָרן פאר זייער ווילן צו זיין א פאָלק וואָס איז מסוגל אליין זיך צו פארטיידיקן.

דריי טעג האָבן זיך געצויגן די פארהאנדלונגען. און עס זיינען

אין די טעג געווען אויך מאָמענטן פון הארציקער פרייד, נישט געקוקט אויף דער זיכערקייט, אז דער אורטייל וועט זיין א הארבער. ס׳זענען געווען מאָמענטן ווען די געמשפטע אליין האָבן עדות געזאָגט. די יונגע עדות זיינען געווען גייסטיק פעסט, דרייסט אין זייערע רייד, זיכער אין דער גערעכטיקייט פון זייערע האנדלונגען, אין דער פאַר־גאנגענהייט פון די פארטיידיקער פון לאנד אין די בלוטיקע יאָרן. דער יונגער ברויזנדיקער כוח האָט דורכגעבראָכן די געריכטלעכע פאָרמאליטעטן, און עפּעסוואָס פון שטוינונג איז געווען אין די קאלטע בליקן פון די ריכטער: פון וואנען האָבן זיך גענומען אזעלכע צו א דערנידעריקט פאָלק?

דריי טעג האָט זיך די זאך געצויגן. לאנגע שעה׳ען זיינען געשטאנען די קרובים פון די געמשפטע, וועלכעווארטן אויף דער רגע ווען מען וועט זיי פארבייפירן אין אן איילינקן אויטאָ, כדי זיי צוצוואַרפן א „שלום״. דאָס אויג האָט זיך אין יענע טעג צוגעווינט אויפצוכאפן אין א רגע אלע אויסדרוק־איינצלהייטן פון דעם געליבטן פנים. האָט זיך אויך צוגעווינט אונטערצושיידן יעדן אָנפאָרנדיקן אין א פּרעכטיקן אויטאָ — ווער ער איז און וואָס ער איז?

און אָט איז געקומען דער אנטשיידנדיקער טאָג פונעם משפט. ווי נעכטן־אייערנעכטן איז געקומען ע ר, וועלכער באשטימט דעם גורל פון אונדזערע קינדער, אין דער באגלייטונג פון זיין ווייב; ווי נעכטן־אייערנעכטן ווארפט ער איר צו א צערטלעכן בליק פון ליבשאפט, א ברייטן גלעט מיט דער האנט דעם געפּיעשטשעטן הונט. און ווען זיין ווייב פאָרט צוריק אליין, שטורעמט עס אויף אין דיין געמיט: נישט לאָזן פארבייפאָרן, א געשריי טאָן צו איר, דער רואיקער און זיכערער: איר זענט א פרוי ווי איך, א מאמע פון זיינע קינדער, א מאמע ווי מיר וועלכע שטייען דאָ; איר, וואָס דריקט צו זיין קאָפּ

צו אייער הארץ, זאָגט אים, דערציילט אים, דעם טאַטן פון אייערע קינדער, וועגן די יסורים פון א מאַמען, דערציילט אים מיט דער שפּראַך פון א פרוי און א מאַמע! — די זיכערע האַנט דריקט אויפן רודער און גיט דיר א וואָרנונג־צייכן אַראָפּצוגיין פון וועג. דער שטורעם אין דיין האַרץ האָט זיך נישט איינגעשטילט, אָבער דו ווייסט אז ס'זיינען פאַרשפּאַרט אויך די וועגן צווישן א מאַמע און א מאַמע.

און ווידער דערוואַרטונג, דאָס מאָל א קורצע, די לעצטע. די ריכטער זיינען אריינגעקומען בלויז צו וויסן טאָן זייער אורטייל. די באַשולדיקטע זיינען אריינגעפירט געוואָרן בלויז אים אויסצוהערן. מיר וועלכע שטייען ביי דער שוועל פון טויער זעען גוט וואָס עס קומט פאָר, ס'גייען ארויס די זשורנאַליסטן, נאָך זיי די אַדוואָקאַטן. אַלע זיינען איינגעשרומפּן, איילן זיך נישט צו ברענגען אונדז די בשורה. עס דאַכט זיך, אז מיר האָרכן דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער. לעבן מיר שטייט א יונגע חברטע, וועלכע האָט נאָך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון לעבן מיט איר אויסדערוויילטן, ווייל זי האָט זיך ערשט געגרייט דערצו. זי פלאַטערט אינגאַנצן. א קינד לעבן א יונגער מאַמע וויינט: פאַרוואָס קומט נישט דער טאַטע? און מיר זעען מיט וואָס פאַר א שנעלקייט מען פירט זיי צוריק, מיט געשמידטע הענט. דורך דער וואַנט פון דער וואָך איז שווער אונטערצושיידן די פּנימער, און ווידער, ווי אין די אַלע טעג, טראָגן זיך שנעל פאַרביי, מיטן פּלי פּונעם אויטאָ, די געליבטע קעפּ און א יונגע חברטע, א מאַמע פון א קינד, שטרענגט זיך אָן א געשריי צו טאָן: „מירן זיך·נאָך זעען". און ס'ווערט פאַרשטענדלעך פונוואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע פעסטקייט: זי האָט דאָך שוין א סך מאָל, אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, אויפגעציטערט אין איר איינזאַמקייט פון

א שרעקנדיקן רעש און זיך איינגעהאָרכט אין די זאלפן וואָס קומען פון ווייטן, דאָרט אויפן פראָנט, אויף דער וואַך.

די געריכט־סדרה האָט זיך פארענדיקט. די מענטשן פון געזעץ האָבן זיי נישט אָנערקענט פאר פארטיידיקער פונעם היימלאנד, אזוי גלייך ווי זיי האָבן נישט אָנערקענט די נויטוועגדיקייט פון א היימלאנד פאר דעם צעשפרייטן און פארפאָלגטן פאָלק. דאָרט, אין דער פעסטונג, איז פארשלאָסן געוואָרן די שווערע תפיסה־טיר אויף יאָרן פון ליידן, און מיר זיינען געבליבן אַ נ ט ק ע ג ן.

## ב א ז ו כ ן

צוויי טויטפאלן האָב איך געזעען אין מיין קינדהייט.

אין מיין אוקראאינישן געבוירן־דאָרף האָבן די פויערן געפייערט אן אָפיציעלן יומטוב — דעם צארס געבוירנטאָג. אין צענטער פון דאָרף זיינען געשטאנען לאנגע הילצערנע טישן מיט זייער א סך בראָנפן אויף זיי. ווילד געזאנג, געשרייען, און מיר די קינדער שטופן זיך זעען דעם ספעקטאקל. פלוצעם — א געשטופעריי אין איינעם א ווינקל, א געקריגעריי, עמעצער פרוווט אויסגלייכן, עמעצער פרוווט שטערן, אָבער אלע פאָדערן — נעמען נקמה! א שרעקלעכער פחד איז מיך באפאלן, און כ׳האָב זיך נישט געקאָנט פון אָרט רירן; דעם געממיתטן האָב איך נישט געזעען, בלויז געהערט זיין קרעכצן. כ׳דער־מאָן זיך אויך נישט ווי לאנג דאָס האָט געדויערט, אָבער די ווילדע געשרייען פון דעם מענטשן־חיה און די געשטיקטע קרעכצן האָבן, דאכט זיך מיר, געדויערט א לאנגע צייט. אין מיין זכרון זיינען זיי פארבליבן עפּעס־וואָס אומענדלעכס — ווי אן אייביקייט.




א צוזאמענפאר פון חברות פון דער „תנועת המושבים", 1954

אין א שטיקל צייט ארום, נאָענט צום ערשטן געשעעניש, האָב איך געזעען, ווי א פויער א שכן, וועלכן מיר, די קינדער פון דאָרף, האָבן ליב געהאט צוליב זיינע שיינע מעשיות און זיין שיין שפּילן אויף א פייפל, איז געגאנגען ברענגען צו פירן זיינע אָקסן איידער עס ברעכט אויס דער שטורעם. מיר, די קינדער, האָבן איבערגעריסן דאָס שפּילן זיך און זיינען געלאָפן אהיים זיך באהאלטן פארן רעגן וואָס דערנענטערט זיך. און מיטאמאָל! א בליאסק, וואָס בלענדט די אויגן און א דונער — ווי די וועלט קערט זיך איבער. מיר האָבן פאר שרעק א פאל געטאָן צו דער ערד, און ווען מיר האָבן זיך אויפגעהויבן, האָב איך דערזען נישט ווייט ליגן דעם אלטן פויער אָן א סימן פון לעבן. כ'האָב געוווסט — ס'איז דער טויט, אָבער מיין מוח האָט נישט באנומען — וואָס הייסט עס? ער איז דאָך נאָר־וואָס געגאנגען, נאָר־וואָס!

אָט די צוויי טויטפאלן האָבן באשעפטיקט מיין דמיון גאנצע יאָרן, אויפן דאָזיקן פאָן האָב איך זיך געלערנט צו פארשטיין וואָס ס'קומט פאָר ארום מיר. ווי די וועלט וואָלט זיך געטיילט: אויף אן אומענד־לעכער און אויף א פארשווינדנדיקער אין איין רגע.

ווען כ'האָב זיך דערווייטערט פונעם דאָרף, און ס'זיינען געקומען נייע איינדרוקן, שטארקע, זיינען די בילדער פון דער קינדהייט פאר־געסן געוואָרן און האָבן פארלוירן דעם כוח ארויסצורופן געפילן.

היינט, נאָך צענטליקער יאָרן — האָבן די טעג פון דעם גערוכט אויפגעלעבט די דאָזיקע קרענקלעכע פאנטאזיעס. דער משפּט, וואָס האָט געדויערט טעג, און די רגע, ווען פאר אונדז האָבן פארביי־געשוועבט די פיזיאָגנאָמיעס פון די פארמשפּטע, און די שטילקייט, די טויט־שטילקייט, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט דערנאָך — האָבן אויפגעשטורעמט דאָס געמיט און ווי זיי וואָלטן ארויפגעבראכט פון זיינע טיפענישן די פארגעסענע זאכן.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שלאָפלאָזע נעכט. א בילד יאָגט נאָך א בילד, און ס׳מישן זיך צוזאמען די קאָשמארן פון דער קינדהייט מיט דערווירקלעכקייט פון דיינע היינטיקע טעג. דער טאָג גייט אוועק אין ארבעט און זאָרגן, און לפנים גייט אלץ אין אָרדנונג, אָבער אין די נעכט שטייט אויף צוריק צום לעבן אל דאָס פארבאָרגענע.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פון דערוואַרטן א באזוך. דאָרט, אין דער פעסטונג, ציילט מען די טעג און די שעה׳ען, און מיר דאָ, אויף דער פרייהייט, מאכן דעם חשבון. און ס׳איז געקומען דער דערוואַרטער טאָג. ביים טויער איז אויסגערופן געוואָרן פאר די הונדערטער מענטשן וואָס ווארטן: צו יעדן ארעסטירטן קאָנען אריינגיין נאָר צוויי און אויף אזויפיל און אזויפיל מינוט. נאָר צוויי! און דאָ שטייען א מאמע און א טאטע און צוויי שוועסטער. ווי טיילט מען זיך? און אין א צווייט ווינקל — עלטערן, מיט זיי א יונגע פרוי, און לעבן איר מאָנט א קינד וואָס אים קומט. די יונגע חבר׳טע מיטן קינד אויף דער האנט, וואָס זיין טאטע קאָן אים נאָכנישט, באגלייט א מאמע און הארציקע פריינט; ווי צעשיידט מען זיך מיט זיי? און דאָ ווערט דער חשבון געמאכט אָן ווערטער: א טאטע־מאמע, און צו זיי גייט צו א מיידל, א קינד נאָך כמעט, און זיי, די עלטערן, קאָנען זי נישט, אָבער זי האָט דאָס רעכט אויף א באזוך, און זי וואַרט אָן ווערטער אויף א תשובה, מיט אויגן אראָפּגעלאָזטע צו דער ערד. און אין דער מאמעס הארץ קומט פאָר א שווערער געראנגל.

ס׳איז נישטאָ קיין צייט אויף טראַכטענישן. דאָס קלאַפּן מיט א פייטש איז מודיע, אז דער באזוך האָט זיך אָנגעהויבן, מען טאָר קיין רגע נישט פארלירן. און די האנט פון דעם אָרטיקן מאכטהאָבער שיידט פאנאנדער די הענט פון דעם מיידל און דער מאמע, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס פאראייניקט. און דאָס מיידל רייסט זיך.

אין דעם וואָרט „באַזוך” איז פאַראַן עפּעסוואָס נשמהדיקס, חברי־שעס. ווער האָט עס אָנגערופן „באַזוך” די דאָזיקע באַליידיקונג, דעם דאָזיקן שפיכות־דמים? מען קאָן כמעט נישט זעען דאָס פּנים, און ס'איז שווער צו דערהערן וואָס מען רעדט — שטימען פון צענטליקער מענטשן גיסן זיך צוזאַמען אין איין אומפאַרשטענדלעכן געזשום.

— איך וויין נישט, וויין דו אויך נישט — זאָגט די יונגע פרוי צו דער עלטערער, און ביי ביידע רינען טרערן.

און ווידער א קלאַפּ מיט דער פּייטש: דער באַזוך איז געענדיקט.

און ווען דער טויער־וועכטער, דער פּרימיטיווער פאָלקס־מענטש, האָט שנעל א כאַפּ געטאָן דאָס קינד פון די הענט פון דער וויינענדיקער מאַמע און עס דערלאַנגט אויף א רגע דעם טאַטן אויף יענער זייט טויער, — אַזוי אַז דער „אָדון”, דער זון פונעם אויפגעקלערטן און קולטורעלן פאָלק, זאָל נישט זעען — ווערט דאָס האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד צוליבן מענטשלעכן געפיל וואָס האָט זיך איינגעהיט אויך דאָ, צווישן די ווענט פון דער פעסטונג; און אין דעם מאָמענט דאַכט זיך, אַז דאָס איז דער עיקר.

נאָר שפּעטער, אין חדשים אַרום, בעתן צווייטן באַזוך אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, ביים ברעג פון שיינעם ים, זעען אויס די באַדינגונגען ווייניקער שרעקלעך. — צי ווייל מיר האָבן זיך צוגעוווינט, אָדער ווייל די ווענט פון דער פעסטונג האָבן נישט געדריקט, אָדער צוליב די ווינציקע פאַרלייכטערונגען: די צייט ווערט שוין מער נישט געמאָסטן אויף קיין רגעס, און דאָס קליינוואַרג גייט נישט אַריין אין חשבון. שטייענדיק פּנים אל פּנים, און נישט פון דער הייך אַראָפּ, ווי ביים פריערדיקן מאָל, קאָן מען דאָס פּנים זעען און אפילו פאַרבינדן א שמועס; און זיי, די קינדער, האָבן אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט זיך אַריינצובאַקומען. די קליינינקע, די פערצן־חדשימדיקע, איז דורכ־

געקראָכן דורך די צעשיידנדיקע דראָטן און אריינגעשטעקט א פינגערל אין טאטנס הענט.

די גרעסטע אין דער חֶברה האָט זיך געזעצט אויף אן אקסל, האָט אראָפּגעבויגן דעם וואָס האלט זי און זיך אינגאנצן א צי געטאָן, כדי אויסצושטרעקן א האנט צום באגריסן זיך. — „איך בין שוין אין קינדערגאָרטן‟, — האָט זי א זאָג געטאָן פייערלעך.

און א יינגל, א שילער פון בית־הספר, האָט דערפילט די פרייקייט און געפּאָדערט: „לאָזט מיך אויך רעדן!‟ — „נו, רעד‟. דער קליינער איז צעמישט געוואָרן, רויט, און לסוף א זאָג געטאָן אין איין אָטעם: „איצט איז אזוי גוט‟. — „וואָס איז גוט?‟ — האָט א פרעג געטאָן דער ברודער פון הינטער דער צוים. „שוין דאָ בלומען אין פעלד‟, — איז דער שמועסער מונטערער געוואָרן, און האָט צום סוף צוגעגעבן רואיק: „קום אהיים, יעקב...‟

מיר האָבן פארגעסן דאָס אייביקע, דעם באצויבערנדיקן פרילינג. ער, דאָס קינד, האָט געפילט, אז דאָס פעלט אים צום שטארקסטן, דעם ארעסטירטן ברודער.

1941

## ווי זיי זיינען געראטעוועט געוואָרן...

ביי וואָס הויבט מען אָן? דאכט זיך, אז ס׳איז בשום־אופן נישט מעגלעך ארויפצוברענגען אויפן פאפיר וואָס איך האָב געהערט אין משך פון די דאָזיקע שעה׳ען אין חיפה. ערשט היינט אין דער פרי האָב איך געטראכט, אז קיין זאך וועט מיך נישט קאָנען פארהאלטן, און אין אָוונט וועל איך זיין אין דער היים, אָבער ווען איך בין געקומען קיין חיפה און דערזען פון ווייטן „פּאַטריע‟, וועלכע ליגט א געבויגענע

אויף דער זייט און עס גייט נאָך אָן ארום איר די רעטונגס־ארבעט, און קרובים און פריינט גייען נאָך פון איין אנשטאלט צום אנדערן זיך נאָכפרעגן אויף די נעמען, — האָב איך געוווסט, אז כ׳וועל שוין נישט קענען אהיימפאָרן. און אָט איצטער, נאָכ׳ן באגעגנען זיך מיט חברות פון דעם „מגן דוד אָדום״, מיט חברות וואָס זיינען זיך מטפל מיט די מעפילים, מיט א שוועסטער, וואָס ארבעט אין „הדסה״, און מער פון אלץ מיט א יונגער מאמען מיט איר צוויי־יעריק קינד, וואָס זיינען געראטעוועט געוואָרן פון טויט; נאָך די אלע באגעגענישן און שטיקלעך שמועסן — בלויז שטיקלעך שמועסן, ווער קאָן עס זיין מסוגל צו דערציילן רואיק און מיט אן אָרדנונג וועגן די פאר־גאנגענע גרוילן? — נאָך דעם אלץ טראכט איך: ווי קאָנען מיר פאָרזעצן אונדזער ארבעט? צי איז טאקע באמת משפיע די צעשיידנ־דיקע דיסטאנץ, צי ס׳איז משפיע דער טיפער באוווסטזיין, אז נישט געקוקט אויף אלץ מוזן מיר ווייטער פאָרזעצן באארבעטן די ערד, און מאָרגן וועל איך זיך אומקערן צו מיין געוויינלעכער ארבעט און זאָרגן פאר יעדן קלענסטן פרט.

מיט א פעקל אָנטועכץ בין איך אריינגעקומען אין א קליין און ענג צימערל פון א פליטים־משפחה. און צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך איינע פון די געראטעוועטע פון „פאטריע״, א מאמע מיט איר קינד. זי איז דורכגעגאנגען די גאנצע פיין פון דעם ווינער גירוש, צען חדשים געווען אין וועג. איר מאן איז איינער פון די בארימטע מעפילים פון „ראַדאָס״. קאָנצענטראציע־לאגער, וואָגלעניש פון שטאָט צו שטאָט, פון לאנד צו לאנד, און הונגער, הונגער מיט א קליין קינד. אין בראטיסלאווע איז די לאגע לייכטער געוואָרן, זי האָט זיך באגעגנט מיט אן אָרגאניזירטע קבוצה, אַ געקומענע פון הכשרה־קיבוצים. און ווידער חדשים אין וועג, אויפן ים. ווידער הונגער און פיין. וועגן

דעם יאוש, וואָס איז זיי באַפאַלן דאָ, קאָן זי נישט דערציילן, זי וויינט און האַלדזט דאָס קינד.

ווען די שיף האָט זיך אַ צעטרייסל געטאָן, זיינען די מערהייט פרויען געווען פון אונטן, האָבן נאָכנישט באַנומען וואָס דאָס איז אַזוינס. גלייך איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל אַרויפצוגיין. אָבער אין דער זיך איבערקערנדיקער שיף איז דאָס אַרויפגיין געווען אַן אוממעגלעכע זאַך, מ׳האָט געוואָרפן קינדער פון האַנט צו האַנט. די מאַטראָזן און מיליציאָנערן האָבן זיך געשטעלט אין געפאַר, ראַטעווענדיק פרויען און קינדער; די בחורים האָבן געטראָגן אויף די הענט די זקנים. זי דערציילט: ווען זי האָט געזען, אַז דאָס קינד האַלט ביי געראַטעוועט ווערן, האָט זי נישט געטראַכט וועגן זיך, און דער טויט האָט זי נישט געשראָקן. ווי מ׳האָט זיי אַרויסגעצויגן פון ים געדענקט זי נישט. ווען מ׳האָט זי אַריינגענומען אין „הדסה", האָט זי נישט געוווּסט ווו ס׳איז דאָס קינד, זי ווייסט אויך נישט ווי אַזוי און ווער ס׳האָט עס געבראַכט. די עלטערן אליין האָבן נישט געקאָנט ראַטעווען זייערע קינדער, זיי זיינען געווען אין די קאַיוטעס, און צווישן די פאַרשוווּנדענע זיינען דאָ אַ סך קינדער.

אייניקע חברות פון דעם ארגון פון אַרבעטנדיקע מאַמעס (ארגון אמהות עובדות) זענען געווען פון די ערשטע אין דעם האַפן מיט פּעקלעך קליידער, און אַלע דערציילן שרעקלעכע זאַכן וועגן די מענטשן, איינגעוויקלטע אין קאָלדרעס — די מיליטערלייט האָבן זיי געבראַכט קאָלדרעס, איידער ס׳זיינען געבראַכט געוואָרן די קליידער. בכלל דערציילט מען וועגן די מיליטערלייט ווונדער, וועגן די רעטונג־אַרבעטן, דער באַמיאונג און אויך דער הילף... דאָס זאַמלען קליידער דויערט נאָך אויך איצט, ס׳קומען אָן גרויסע פּעק פון אַלע ווינקעלעך אין לאַנד.

ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס חיפה האָט איבערגעלעבט. אויך אויפן הדר־הכרמל האָט מען געהערט די געשרייען פון דער שיף, זיי האָבן געמיינט, אז זי שווימט אָפּ. און ווער ס׳זאָל זיך מטפל זיין פעלט נישט — די חברות פונעם ארגון, הילף־בריגאדעס, אלע זיינען אויף די פיס. היינט איז אָנגעקומען נאָך א שיף.

די דאָזיקע שעה׳ען וואָס איך בין געווען אין חיפה, די באגעגענישן מיט עדי־ראיה, — ס׳איז נישט מעגלעך צו רעדן וועגן דעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען און ס׳קומט נאָך ערשט פאָר. מ׳האָט נאָכנישט אידענטי־פיצירט די מתים, ס׳איז נאָכנישטאָ קיין רייסטער פון די לעבעדיקע, קינדער טראָגן זיך נאָך ארום מיט די פאָטאָגראפיעס פון זייערע עלטערן. ס׳איז דאָ דער אומגליק פונעם כלל, אָבער ס׳איז אויך דאָ דער אומגליק פון דעם פרט, וועלכער איז אומפארגעסלעך, האָט נישט קיין קאָמפענסירונג. אין פארלויף פונעם שמועס מיט דער מאמען, מיט וועלכער כ׳האָב זיך באגעגנט, האָב איך א סך מאָל געהערט — דורך טרערן — „אך, פעטער שטערן!״, און שפעטער האָט מיר דערציילט א שוועסטער פונעם „מגן דוד״ וועגן א זייער שיין קינד, וואָס איז ווי א לעבעדיקס געלעגן צווישן די טויטע, און זיינע עלטערן האָבן דערקענט אין אים זייער פעטערן.

אָן עופה׳לע פון עטלעכע טעג, וואָס איז געבראכט געוואָרן אין „הדסה״, און מ׳האָט זיין מאמע נישט געפונען, גיט נישט קיין רו; און א יונגער חבר, וועלכער האָט נישט געוווסט אויף זיכער, אז זיין שוועסטער איז אויף דער דאָזיקער שיף, און פלוצעם האָט ער זיך דערוווסט וועגן זיין אומגליק, ס׳איז נישט מעגלעך צו פארגעסן זיין בליק...

1940

# א באגעגעניש

זי איז געזעסן ווי א מענטש וואָס זיצט פאַרמאַטערט נאָך א לאַנגן טאָג אַרבעט אין אַן ענגן אַרבעטצימער אָן לופט. מיט א פּאַמעלעכער און באַדענקטער האַנטבאַוועגונג האָט זי מיר געמאַכט א פּלאַץ לעבן זיך, אויף יענער פאַריתומטער סאָפקע, וואָס איבער איר צוקאָפּנס הענגט זיין גרויס בילד און מיט זיין ברעג באַרירט עס כמעט איר ראַנד. כ'האָב זיך נישט דערוועגט דאָרט אַנידערצוזעצן — און זיך געזעצט קעגנאיבער איר. כ'האָב געזען איר בלאַס פּנים, איר מאָגערע פיגור און זיך צוגעהערט צו אירע רייד.

זי האָט דערציילט מיט א נידעריקער און טיפער שטים, מיט יענער שטים, אין וועלכער ס'ציטערט א סטרונע פון פאַרבאָרגענער פּיין, וואָס איז נישט געקומען צום פולן אויסדרוק. אין דעם אָוונטיקן טונקל און מיטן ערנסט פון אירע רייד האָט די פרוי אויסגעזען א סך עלטער.

זי האָט פאַרגעזעצט דערציילן:

„אלע דאַטומס זיינען מיר אַריבער און אויף יעדן איינעם פון זיי האָב איך געוואַרט, גלייך ער וואָלט מיר ברענגען עפּעס א פאַרענדע־רונג אין מיין לעבן.

„צוויי חדשים איז דאָס קינד אַלט געוועזן, ווען דער טאַטע איז געפאַלן, און איך האָב מיט אומגעדולד געצוימען וואַרטן אויף זיין געבוירן־טאָג. און אָט איז ער געקומען, דער אויסגעקוקטער טאָג.

„אויפן דאָזיקן יומטוב־טאָג האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע — די עלטערן און קרובים פון מיין חבר, וועלכער איז נישטאָ, מיינע עלטערן און קרובים, פריינט פון ביידע צדדים. מיר האָבן געפּראַוועט, דעם קינד צוליב, זיין פריילעך, געפּרוווט אַריבערפירן די שמועסן אויף אַל־

געמיינע טעמעס, אָבער אין דאָזיקן פֿייערלעכן צושטאנד האָט דער
ליידיקער חלל נאָך מער צעעפֿנט זיין שלונג — אלע זיינען דאָ געווען,
און ער איז נישטאָ.

„דער טאָג איז אריבער.

„דערנאָך האָב איך גענומען ווארטן אויף דעם טאָג פֿון פלאנצן
דעם וואלד פֿון די פארטיידיקער. און ווידער אן ערנסטער צושטאנד,
א גרויסער טאָג.

„און אויב דעם אמת זאָגן — אונדז, די יונגע אלמנות, די מאמעס
פֿון זייערע פאריתומטע קינדער, האָט דער דאָזיקער טאָג נישט
אזוי געדענקט. ער איז אונדז פארבייגעגאנגען. מיר האָבן זיך אויס־
געזען אזעלכע נישט וויכטיקע, מען האָט דאָך אונדז אפֿילו צום פלאנצן
נישט פארבעטן. ס׳איז אונדז נישט געגעבן געוואָרן צו פארפעסטיקן
דאָס צארטע שפּראָצל אין דער ווייכער, מיט בלוט אָנגעזעטיקטער
ערד, און אין אונדזערע הערצער איז פארבליבן (כ׳האָב נישט געפרעגט
ביי אנדערע, אָבער כ׳רעד אויך אין זייער נאָמען) דאָס ביטערניש פֿון
טיפֿער באליידיקונג״.

זי איז אויף א רגע אנטשוויגן געוואָרן, האָט טיף אָפּגעאָטעמט,
געוואָרפֿן א בליק צום בילד, וואָס הערט זיך אויך צו צו אירע רייד,
און פֿאָרגעזעצט:

„און אָט האָט זיך דערנענטערט דער יאָרטאָג, א יאָר זינט ער איז
געפֿאלן. אייגנטלעך, מיט וואָס איז דער דאָזיקער טאָג אנדערש פֿון
די טעג, וואָס פֿאר אים און נאָך אים? אבער כ׳האָב איבערגעלעבט
אויפֿסניי אלץ וואָס פֿאר זיין פֿאלן און אלץ וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען
יענעם טאָג און נאָך אים. דערנאָך זיינען געקומען נאָך טעג פֿון
יומטוב און נצחון, טעג פֿון פרייד און לעבנסגליק, און איך האָב אין
אזעלכע טעג נאָך מער געפֿילט דעם פשוטן אָפֿענעם אמת — ער איז

נישטאָ און וועט נישט זיין, און מען דארף לעבן, גלאט לעבן און דערציען דאָס קינד".

און זי איז ווידער פארזונקען אין מחשבות. ס'האָט זיך נישט געגלוסט מאכן ליכטיק, זיינען מיר געזעסן, נישט זעענדיק איינע די צווייטע. אָבער זי, די יונגע מאמע, האָט נאָך אירס נישט געענדיקט און פלוצעם אָנגעהויבן רעדן העכער:

„מיין ארבעטסטאָג הויב איך אָן פאר דער באשטימטער צייט, די פאראיבעריקטע צייט לאָז איך מיר איבער אויף צו זען דאָס קינד אין דעם אנשטאלט איידער מען לייגט עס שלאָפן, איך וויל פאר־לייכטערן זיין יתומישקייט און מיינע".

און נאָך א לייכט שווייגן:

„און מיר איז דאָך גוט, איך בין צווישן די גליקלעכע, כ'האָב א פאך און בין אימשטאנד זיך אליין אויסצוהאלטן און נישט פאלן צו לאסט אויף אנדערע. און וואָס זאָלן טאָן יענע, וואָס האָבן נישט קיין משפחה און האָבן נישט קיין פאַך? זיי זיצן מיט די קינדער און דער־נערן זיך פון דעם קליינעם סכום, וואָס מען גיט דער משפחה פון א געפאלענעם. ס'איז אוועק א יאָר, און ס'איז אויפגעגעסן געוואָרן א העלפט פון דעם סכום, און זיי זענען באזאָרגט ביז אין די טיפע־נישן — וואָס וועט זיין?"

אין דעם טונקל פון צימער האָבן געגלאנצט אירע גרויסע אויגן, אויגן וואָס א טרער האָט זיי אלע מאָל פול געמאכט; און ווידער האָט זי גענומען ריידן שטילער מיט א דרינגענדיקער פראגע: „צי האָבן זיך נישט פארדינט יענע, וועלכע האָבן מיט זייער קערפער געפלאסטערט דעם וועג צו זעלבסטשטענדיקייט, צו דער מדינה, צי דארף זיי נישט דער דאָזיקער זכותביישטיין, מען זאָל זיך פאר־אינטערעסירן באזונדערס מיט יעדן איינעם פון דער איבערגעבליבענער

משפחה, מיט זייערע יתומים? ס'זאָל נישט זיין עפּעס אַלגעמיינס, רוטינירטס — נאַ דיר אַ סומע געלט און אָרדן זיך איין. און בכלל, געלט אַליין אָרדנט נישט איין און פאַרזיכערט נישט!"

ס'איז מיר נישט געווען צום האַרצן ווייטערצוציען דעם שמועס. כ'האָב ליכטיק געמאַכט אין צימער און זי דערזען, די מאַמע־דאָס קינד; איר קינדיש פּנים איז געווען צעאַקערט פון זאָרג, און כ'האָב געוווסט: נישט פאַר זיך אַליין זאָרגט זי, דאָס לעבן האָט זיך געפּעדערט איר אונטערצוטראָגן אַ בינטל פּראָגן, שווערע צום לעזן, אַנשטאָט דער לעבנספרייד פון אַ פרוי און מאַמע.

1949

# אַ טאָג

אַן אָנדענק־ליכט פאַר דער נשמה פון הניה שולמי, וועלכע איז געפאַלן אויף איר פּאָסטן, דעם פּאָסטן פון אַרבעט און בויען אַ יידישן דאָרף.

דער שוואַרצער וואָלקן פון דער זייט פון די בערג האָט אָנגעזאָגט אַ רעגן, און פון אינדערפרי איז קלאָר געווען — מען דאַרף אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטס־כוחות פון דער משפּחה, כדי צו באַווייזן אויפצוזאַמלען די קאַרטאָפליעס, „צו ראַטעווען דאָס גערעטעניש". און דאָס וואָרט „צו ראַטעווען" האָט נישט אויסגעזען ווי אַ גוזמא. די פאַרצעלע איז פלאַך, דאָס רעגנוואַסער וועט זיך אויף איר אָנזאַמלען, און ס'איז דאָ אַ געפאַר אַז פוילעכץ זאָל זיך אַריינבאַקומען אין די וואָרצלען פון די קאָרטשעס, און ווער קאָן עס צוקוקן אָן האַרצווייטיק ווי פלאַנצן וויאַנען?

די ארבעט אין שטוב איז געטאָן געוואָרן אין איילעניש, די ארומ־גראָבערס האָבן צוגעוווּנקען — „אונטעראיילן זיך!". מיטאמאָל א שטערונג: א מיטטיילונג פון דער קרייזשטאָט מען זאָל קומען זיך בעראטן וועגן דער אקציע פאר די קינדער פון דייטשלאנד. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן יענער נשמהדיקער גערעאנגל, יענער אינערלעכער וויכוח, וואָס אנטשטייט ביי יעדער נויטווענדיקייט צו מאכן א רייזע, ביי יעדער נויטווענדיקייט צו פארלאָזן די היים, דעם משק.

ווי לאָזט מען עס איבער? אויב מען ציט ארויס דאָס שרייפל, הערן די רעדער אויף זיך צו דרייען געהעריק. די שטוב מענטשן ארבעטן אויף דער קארטאָפליעס־פארצעלע, און אויב איך וועל פעלן אויפן הויף, ווערט זיך דאָך אלץ צעפאָרן. און דער וואָלקן פון דער זייט פון די בערג דראָט מיט רעגן.

א מאָטיוו נאָך א מאָטיוו — פאַר און קעגן, קעגן און פאַר.

די קינדער פון דייטשלאנד! ווייטע וועלדער, פרעמדע, יידישע קינדער בלאָנדזשען־אום אין זיי; שווארצן גרענעצן אין דער נאכט־פינצטערניש און ווידער פרעמדקייט. און מיר דאָ קאָנען נישט העלפן. און וואָס וועט געבן די בעראטונג? אָבער ווי קאָן מען ווייטער לעבן רואיק, אין זאָרג זיך צו דערהאלטן? און דער גייסטיקער גערעאנגל האָט נישט אויפגעהערט. א צערודערטע בין איך ארייננגעגאנגען אין גאָרטן. פון רעכטס און פון לינקס, אין ווייטע און נאָענטע ערטער, האָבן אלע געטאָן די זעלבע ארבעט — געגראָבן קארטאָפליעס. אין דער דאָזיקער צוזאמענקייט איז געווען עפעסוואָס בארואיקנדיקס, עפעסוואָס וואָס דערווייזט, אז די מענטשן דערפילן זייער חוב. בין איך אויך געבליבן אין גאָרטן און אויף דער דאָזיקער בעראטונג אין דער קרייזשטאָט נישט געפאָרן.

און אין מיטן דער ארבעט — ווידער א שטערונג, מ'האָט מיך

גערופן צו א שכנה. זי איז שווער קראַנק געוואָרן, און מ׳האָט גע־דאַרפט פירן די קראַנקע אין שפיטאָל אין דער נאָענטער שטאָט. ס׳איז נישט געווען וואָס זיך צו פאַרטראַכטן: די בלייכקייט פון פּנים, דער קראַנקער גלאַנץ אין די אויגן האָבן באַפוילן — נישט פאַרלירן קיין צייט. זיינען פאַרשוווּנדן אַלע אַנדערע מחשבות, און ס׳איז געבליבן בלויז דער פאַרלאַנג — אָנצוקומען, איבערצוגעבן די קראַנקע אין זיכערע הענט. צו לאַנג האָט זיך אויסגעזען די געוויינלעכע צייט פון דער נסיעה. יעדער קלענער אָפּהאַלט אין וועג האָט דענערווירט. און ווען דער אויטאָ האָט זיך פאַרהאַלטן ביים שפּיטאָל — זע, די טיר איז ברייט צעעפנט, אָט די זעלבע טיר, וועלכע עפנט זיך לויטן איינזען פון דעם דערפאַרענעם וועכטער. די אוניפאָרמען פון די פּאָליציייליט וואָס האָבן זיך געזען פון אינעווייניק האָבן דערציילט וועגן אן אומ־גליק: ס׳איז עמעצער דערמאָרדעט געוואָרן, אומקערנדיק זיך פון דער אַרבעט. און אין דער נאָך אָפענער טיר האָט זיך אַריינגעריסן א יינגל:

„מ׳האָט מיר געזאָגט, כ׳האָב געהערט״, — האָט ער געשטאַמלט — „מיין טאַטע איז פאַרווונדעט געוואָרן״. האָט דער דאָקטאָר אויפגעהויבן דעם קאָפּ ווי אן ענטפער, און דער זון האָט פאַרשטאַנען, האָט פאַר־שטאַנען אַלץ. שוין מער נישט געפרעגט. אינגאַנצן ציטערנדיק האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, און די אויגן... ווען האָב איך געזען אַזעלכע אויגן? יאוש און שרעק פאַרן דעם שרעקלעכן אמת? נישט בלויז דאָס — אויגן פון א מענטשן, וואָס א תהום האָט זיך פאַר אים געעפנט. מיט די דאָזיקע אויגן האָט ער באַגלייט זיין פּאָטער, וועלכן מ׳האָט אַריינגעטראָגן אין טויטן־צימער. און שפּעטער איז אַלץ געווען ווי געוויינלעך: מענטשן זיינען געקומען, מענטשן זיינען אַוועק־געגאַנגען, עמעצער האָט געוויינט, עמעץ האָט געשריגן. פון די צימערן האָבן אַרויסגעקוקט קראַנקע, די שוועסטער זיינען בלאַס געווען

אין זייערע פּאַרטעכער, און ער, דאָס יינגל וואָס איז פּלוצעם א דערוואַקסענער געוואָרן, האָט אונטערגעהאַלטן די פאַרחלשטע מאַמע.

כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל. אין גאַס האָט מען אָנגעצונדן די לאָמפּן. די אַרבעטער־שטאָט האָט געלעבט איר רו־צייט. אין די קראָמען און רעסטאָראַנען האָט מען געזען מענטשן, וואָס שפּורן פון מידקייט איז זיי נאָך געלעגן אויף די פּנימער. די מאַמעס האָבן געאײַלט אהיים מיט זייערע קינדער. צייטונגס־פאַרקויפער האָבן אויסגעשריגן נייעסן. ס׳איז געשטאַנען א לאַנגע ריי אין קינאָ אַריין. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט א געזאַנג פון א ראַדיאָ — און ס׳איז געווען א פאַרלאַנג צו פאַרהאַלטן דעם שטראָם פון דעם געוויינלעכן לעבן און א געשריי צו טאָן וועגן דעם יינגל וואָס איז פאַריתומט געוואָרן, וועגן דעם דערמאָרדעטן מענטשן, וועגן זיין געפּייניקטער אלמנה — — וווּהין זאָל איך גיין? צו וועמען זאָל איך צוריקקערן?

מיטן זונאויפגאַנג האָב איך זיך אומגעקערט אין מיין דאָרף. ביינאַכט איז געגאַנגען א רעגן, די ערד, א דורכגענעצטע מיט וואַסער, האָט פאַרלאַנגט רו, און ס׳איז נישט נייטיק געווען צו איילן זיך צו דער אַרבעט. געלאַסן, מיט ברייטע טריט האָבן זיך די לאַנדווירטן אומגעקערט מיט די ליידיקע מילך־קרוגן. די רעגן־טראָפּנס האָבן גע־בליאַסקעט אויף די בלעטלעך פון דיביימער, און בלומען האָבן זיך אַרויסגעשטעלט מיט זייער שיינקייט. דאָס גאַנצע דאָרף האָט דער־וואַכט צו זיין געוויינלעך לעבן. און ווידער האָט אַרומגעכאַפּט דער באַגער צו דערציילן מיינע חברים וועגן דעם נעכטיקן טאָג, א משונה־דיקער און אומגעוויינלעכער טאָג אפילו אין אונדזערע דולע טעג, ווען קיינער ווייסט נישט וואָס יעדע שעה קאָן אים ברענגען, און צו די קומענדיקע רגע וועט ענלעך זיין צו איר פריערדיקער.

# צווישן איין פראַנט און דעם צווייטן

דער בלאָזנדיקער חמסין בריט מערער פון די פריערדיקע חמסינים; די טריקנדיקע היץ, וואָס גליט, וואָס קלעמט ווי מיט צוואנגען דעם קאָפּ און פארהאלט דעם אָטעם, טראָגט אריבער, אויף א מיטפילנדיקן אופן, אין יענעם מדבר, ווו עס קעמפן אונדזערע קינדער; און אויך ווען די היץ לאָזט נאָך, ווען ס׳קומט דער אָוונט, ווערט נישט לייכטער אויפן הארצן. — וואָס טוט זיך דאָרט, אין דער מדבר? — פּיקט א מחשבה. און ווען אין איינעם א טאָג איז עמעצער פון דאָרט געקומען, פון דער מדבר — אויך ער איז א מאן פון דאָרף — האָט זיך די ידיעה פארשפרייט שנעל, און זיין קומען איז געוואָרן א געשעעניש.

מיט טויזנטער פעדעם זיינען אונדזערע מענטשן דאָ פארקניפּט מיט די קעמפער דאָרט. אָט פרעגן זיך נאָך א פאָטער־און־מוטער אויף די פארשיידנסטע קלייניקייטן; אָט א שוועסטער, א יונגע חברה; אָט די קינדער פון א קלאס און די קינדער פונעם גאנצן דאָרף — די שטוב איז צו קליין פאר זיי אלע. די צייט פון דעם גאסט׳ס אורלויב איז קורץ, און איין פראגע יאָגט נאָך א צווייטער. וועגן די שווערי־קייטן גייט ער פארביי מיט א שמייכל, און פארהאלט זיך לענגער וועגן דעם גייסטיקן אויפשוווּנג, וועגן דער גוטער חברשאפט, וועגן דער בענקשאפט צום לאנד, וועגן די באציאונגען מיט מענטשן פון אנדערע פעלקער. ס׳איז פאראן עפּעס־וואָס בארואיקנדיקס אין זיין דערציילן, עפּעס־וואָס וואָס דערוועקט שטאָלץ, און מיט וואַרעמע ברכות פאר אים און זיינע חברים באגלייטן די דאָרפסלייט דעם גאסט.

און ווען אויך דיר איז באשערט א יומטוב — א יומטוב פאר דער גאנצער משפחה, קיינער פעלט נישט, יעדער זיצט אויף זיין אָרט —

טוט ווי דאָס האַרץ, נישט געקוקט אויף דער פרייד וואָס שפּאַרט אַרויס. דו ווייסט אַז דאָרט אין שטוב, נישט ווייט פון דיר, ווערן קאַלט די געריכטן, און קיינער רירט זיך נישט צו צו זיי. ווען די משפּחה זעצט זיך אַרום טיש, בלייבט אַ ליידיק אָרט. ס׳פעלט דער עלטסטער זון, איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. מ׳האָט אים מקבר געווען לויטן יידישן מנהג, ווייט פונעם היימלאַנד, מיטן פּנים קיין ירושלים — האָט דערציילט דער געקומענער פון יענעם פראָנט. דאָס דאָרף איז נישט קיין גרויס, יעדער לעבט זיך אין זיין שטוב, יעדער מיט זיין פאַמיליע, אָבער אין אַ צייט פון צרות, אפשר מער ווי אין אַ צייט פון פרייד, פאַלן זיך פאַנאַנדער די געוויסע מחיצות, און דאָס גאַנצע דאָרף ווערט איין גרויסע פאַמיליע וועלכע טראָגט איבער אירע ליידן.

מיר האָבן אויף זיי נישט געוואַרט, אָבער זיי זיינען געקומען — די פּרעמדע, די ווייטע און נאָענטע אין דער־אָ צייט. אויף אָפּרו זיינען זיי געקומען, צווישן איין שלאַכט און אַ צווייטער, צווישן איין פראָנט און אַ צווייטן. אויסגעמאַטערטע, דורשטיקע. און מיר — וועלכע נוצן וואַסער לויט דער ריי, וועלכע טיילן זי לויט דער מאָס פון אַ זייגער; מיר וועלכע האָבן נישט געקאָנט היינטיקס יאָר באַוואַסערן אונדזערע פעלדער, געגנוג אָנטרונקען אונדזערע גערט־נער — האָבן אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי מיר וואָלטן געזעסן לעם קוואַלן, וואָס דאָס וואַסער שטראָמט פון זיי בשפע. איז דאָס געווען אונדזער ערשטע הילף — שטילן זייער דאָרשט. אונדזערע קליינע פּאַרצעלעס האָבן געוווּנקען צו זיי, די זין פון דעם רחבותדיקן אויסטראַליע, מיט חן פון זייער געבוירנלאַנד. ס׳איז נישט געווען געגנוג צייט אויף אַ געהעריקער אָרגאַניזירונג, אויף פריינטשאַפטלעכער



אויף אנ׳ארבעטערינען קאנפערענץ

הילף און באציאונגען — אָבער די ענינים האָבן זיך איינגעשטעלט פון זיך אליין. „אונדזערע הייזער זיינען אָפן פאר אייך, קומט עסן און טרינקען מיט אונדז״, — האָבן מיר זיי געזאָגט. און זיי האָבן אזוי געטאָן. און אין דער דאָזיקער זאָרג, אין די דאָזיקע מינוטיקע פריינט־שאפט־באציאונגען, אין די לעבעדיקע שמועסן וועגן אומבאקאָנטע וועלטן — פאר זיי און אויך פאר אונדז — איז געווען עפעס־וואָס אומגעוויינלעכס, עפעס־וואָס וואָס דאָס לעבן אין רואיקע צייטן קען עס נישט שאפן, עפעס־וואָס פאראייניקנדיקס — די פרוכט פון דעם בשותפותדיקן גורל, וואָס העגגט איבער אונדזער קאָפּ.

און אין איינע פון די פאמיליע־מסיבות איז פון האנט צו האנט איבערגעגאנגען די פאָטאָגראפיע פון א מיידעלע, מיט א פרעמדער פיזיאָנאָמיע, און דאָס דאָזיקע אומבאקאנטע מיידעלע איז געוואָרן דער צענטער פון דער פאראינטערעסירונג פון אלע ארומזיצנדיקע; און ער, דער אויסטראלישער טאטע, האָט געקוקט אויף אונדז מיט גליקלעכע אויגן און דערציילט, אז אויך ער האָט א פאמיליע, אז אויך ער האָט קינדער און אז אויך ער האָט א שטיקל פעלד. און אז מען האָט אים געפרעגט, פארוואָס ער האָט זיך פארוועמבירט, פארוואָס האָט ער אלץ פארלאָזט, האָט ער געענטפערט פּראָסט־פּשוט: ס׳איז היינט נישט קיין צייט פאר פאמיליע־רואיקייט און חשבונות, מיר האָבן פאר זיך א שטארקן און געפערלעכן שונא. און מיר האָט זיך אין דער דאָזיקער פייערלעכער מסיבה געדאכט, אז ס׳איז נישטאָ קיין גרעסערער באווייז, אז מען דארף גיין, ווי דאָס געפונען זיך פון דעם דאָזיקן שטארקן, באוואָקסענעם מענטשן דאָ אין א פרעמד לאנד, נישט געקוקט אויף זיין בענקען נאָך זיין קליין מיידעלע.

און אָט נישט אין דער מדבר, נישט אויף א ווייטן פראָנט, דאָ לעבן אונדז, פאר אונדזערע אויגן, פאלן אונדזערע זין. ס׳איז אונטער־

געצונדן געוואָרן דאָס הויז, אונדזער לעצט אנטרינונגס־אָרט, ס׳ברענט די ערד אונטער אונדזערע פיס, און קיין מאמע קאָן זיך נישט צוטוליען צו איר זון און זאָגן: זאָלסט נישט גיין! און קיין שוועסטער קאָן נישט פארהאלטן איר יונגערן ברודער, און א פרוי וועט נישט שיקן קיין בעטנדיקן בליק צו איר חבר. נאָר מיר ווינטשן: קערט זיך אום, יאָ, קערט זיך אום, איר זענט זייער נייטיק — נישט נאָר אונדז, צום זיך באנייענדיקן היימלאנד קערט זיך אום!

טייכן בלוט האָבן נישט זויבער געמאכט די באציאונגען צווישן די פעלקער, און מיר האָבן נישט קיין אנדער אויסוועג ווי צו שיקן אונדזערע קינדער אויף דער דאָזיקער בלוטיקער חתונה. און פון וואנען, פון וואנען זאָל זיך נעמען דאָס גלויבן צו זאָגן די יונגע מאמעס: „דער גורל פון אייערע קינדער וועט זיין אן אנדערער״?

1941

# אונדזערע מיידלעך אין פרעמדן מיליטער

דאָס קאָלאָניסטנטום לעבט א געשפאנט לעבן נישט נאָר אין איר לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט, אין איר קאָלאָניסטישער שאפונג, — אויך דער פּאָליטישער לעבנספולס קלאפט אין אים שטארקער און מיט מער געשפאנטקייט, איידער אין אן אנדערן ארבעטער־ציבור. און די סיבות זיינען פארשטענדלעכע.

אויך די מלחמה פילט זיך אָפּ אין אונדזערע לאנדווירטשאפטלעכע פונקטן מערער ווי אין שטאָט און אין דער מושבה. ס׳איז פאראן א גענוגנדיקער יסוד פאר דעם — די צאָל רעקרוטן פון צווישן די פויערים איז פארהעלטניסמעסיק גרעסער ווי די פון צווישן א וועלכן

אנדערן ציבור אין לאנד, און יעדער רעקרוט איז אן אָרגאנישער טייל פונעם גאנצן ישוב, אָן אונטערשייד, צי דער פונקט איז ארומ־געצוימט מיט א פּארקן און א וואנט, אָדער ער באשטייט פון א שורה קליינע הייזלעך. ווען א רעקרוטירטער חבר קערט זיך אום אהיים, — קומט ער צום גאנצן דאָרף. „היינט גייען זיי אוועק", — זאָגט מען אין דאָרף, און מען דאַרף נישט פרעגן ווער זיינען עס די „זיי". אויך אונדזערע באגעגענישן מיטן מיליטער, זין פון אן אנדער פאָלק, זיינען אין דאָרף מערער ווי אין שטאָט. יחידים און טיילן קומען אויף פּאָפּראַווען זיך, אויף אָפּצורוען זיך נאָך דער מדברדיקער היץ און זיך אויסצוווארעמען אין אונדזערע ווינטער־טעג פון דער צפון־קעלט. די דאָזיקע באגעגענישן דערנעענטערן אונדז נישט נאָר צו די וואָס קומען צו אונדז און צו זייערע משפחות אין די ווייטע לענדער, נאָר אויך דער „ערגעץ־ווו" ווערט נאָענט; און כדי איבער־צולעבן די מלחמה, צו דערשפּירן איר גרויל, איז גענוג צו זען בלויז עטוואָס פון איר, און דעם דאָזיקן עטוואָס זען מיר זיך אָן צו דער זעט.

מיר דאכט זיך, אז די דאָזיקע מלחמה האָט אונדז אָפּגעטאָן אזוינס וואָס ס'האָט אונדז נישט אָפּגעטאָן און נישט געקאָנט אָפּטאָן קיין שום אנדער מלחמה. איך ווייס נישט מיט וואָס פאר א ווערטער דאָס אויסצודריקן, אָבער אויב א מאמע איז מסוגל אזוי שנעל שלום צו מאכן מיט איר אומגליק, זאָגט דאָך דאָס עדות ווי גרויס ס'איז דער בראָך פונעם פאָלק, און אין דעם אומגליק פונעם פאָלק ווערן פארשלונגען די יסורים פונעם פּרט. כ'האָב געזען א תימנער מאמע וואָס איר עלטסטער זון איז געפאלן אין דער מלחמה צווישן די ערשטע קרבנות פון לאנד. און ווי האָט זי אויפגענומען איר אומגליק? זי האָט געשוויגן. און מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ביי דער דאָזיקער

מאמע געשטאָרבן א קליין מיידעלע, א שילערין פון א נידעריקן קלאס אין בית־הספר, געשטאָרבן מיט א נאטירלעכן טויט, אין שלום־צייט, און די מאמע האָט נישט שלום געמאכט, ביטער געוויינט און געטענה׳ט: „גאָטעניו! האָסט געגעבן, אָבער פארוואָס האָסטו צוריק גענומען?״. דאָס מאָל האָט זי נישט געטענה׳ט. דאָס דאָזיקע שלום־מאכן האָט אונדז געגעבן די דערקענטניש פון דער נויטווענדיקייט פון דער דאָזיקער מלחמה.

די מלחמה איז א נויטוועדיקע. און מיר דארפן זיך אין איר באטייליקן. און די קינדער באטייליקן זיך. און אויב ס׳זיינען דאָ בחורים וועלכע האָבן זיך נאָכנישט רעקרוטירט — איז נישט די מאמע דערין שולדיק און נישט די יונגע פרוי. ס׳זיינען דאָ בחורים, וועלכע האָבן זיך נאָכנישט רעקרוטירט, ווייל זיי האָבן נאָכנישט באנומען, נאָכנישט דערפילט וואָס אזוינס די מלחמה איז פאר אונדז. ס׳איז אויך דאָ אן העסלעך ארויסדרייען זיך. פאראן אן אנטלויפן צום חתונה האָבן. ס׳זיינען געווען צייטן ווען יידישע מיידלעך אין גלות פלעגן זיך פארמאסקירן מיט חתונה האָבן, כדי צו קאָנען עולה זיין און צושטיין צו די רייען וואָס קעמפן פאר דער אויפלעבונג און דעם אויפבוי פונעם פאָלק. היינט האָבן מיר דערלעבט צייטן ווען יידישע בחורים זוכן א „פיקציע״, כדי ארויסצוגיין פון די רייען פון די וואָס קעמפן פארן לעבן פונעם פאָלק אין לאנד. איז וואָס קאָן מען זאָגן צו די וואָס דרייען זיך ארויס, אויב דער אומגליק פונעם פאָלק זאָגט זיי גאָרנישט?

און אָט ביינאנד מיט דער פארשטענדניש וועגן דער נויטווענדיקייט אז אונדזערע קינדער זאָלן זיך באטייליקן אין דער מלחמה, ביינאנד מיטן משלים זיין דערמיט, איז אין אונדז געווען א ווידערשטאנד קעגן דער רעקרוטירונג פון די מיידלעך.

די דאָזיקע מלחמה איז אַזויפיל אונדזערע, אַזויפיל אונדזערע אלעמענס, אַז כאָטש איך רעד פון מיין ווינקל, פון מיין דאָרף, רעד וועגן זיך אליין, רעד איך דאָך אין נאָמען פון אַ סך, יעדענפאַלס אין נאָמען פון אַ סך מאַמעס. איך פיר נישט קיין וויכוח מיט וועמען־עס־איז, נאָר מיט זיך אליין. ס׳איז פאַראַן אַ מורא, און די מורא איז נישט צוליבן לעבן. אויב מיר האָבן אויפגעהערט רחמנות האָבן אויפן לעבן פון אַ זון — האָבן מיר אויך אויפגעהערט רחמנות האָבן אויפן לעבן פון אַ טאָכטער. די מורא איז צוליב גייסטיקער צעשטערונג. די פראַגע באַשטייט נישט דערין — צי ס׳וועלן צושטאַנדקומען, אָדער נישט, טרעפונגען מיט מיליטערלייט. פאַרוואָס זאָלן נישט צושטאַנד־קומען קיין טרעפונגען. זיי דאַרפן צושטאַנדקומען. נאָר וואָס — בלויז וואַשן פאַדלאָגעס? בלויז באַדינונג? בלויז פירן אַן אויטאָ? און טרעפן זיך מיט דעם וואָס איך בין זיינע אַ מיטבאַטייליקטע אין דער מלחמה — נישט?

מיר וועלן גערופן צו מיליטער־דינסט צווישן מענטשן פון אַ פרעמד פאָלק. פון אַ סך טרעפונגען מיט מיליטערלייט, מיטן פשוטן אומ־באַקאַנטן זעלנער, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אין אַלגעמיין פאַר־שטייען זיי אונדז נישט; זיי דאַרפן אונדז טאַקע נישט פאַרשטיין. דאָס לאַנד איז פאַר זיי איינס פון די אַ סך לענדער, מיר — איינס פון די פיל פעלקער, וואָס זיי באַגעגענען אויפן וועג פון דער דאָזיקער מלחמה. אָבער ס׳טרעפט אמאָל אַז וועלכער פון זיי באַנעמט אונדזער לעבנסשטייגער, און ס׳טרעפט אַז ער שאַצט אויך אָפּ אונדזער ציוניסטיש ווערק; אָבער דאָס האַרצזויבערקייט פון אונדזערע מיידלעך און זייער מסירת־נפש באַנעמען זיי נישט. די שרעק איז נישט צוליבן דינען. איך באַגעגן זיך אין דער מלחמה מיט דינסט־אויפגאַבן. איך בענק בכלל נישט נאָך קיין האַרמאַט. די מורא איז צוליב דער

פרעמדקייט צווישן איין פאָלק און דעם צווייטן. און נישט אין דער מיליטערישער ווירקלעכקייט וועט צושטאנדקומען די פאַר־שטענדניש צווישן דעם מאנסביל און דער פרוי. צו קעגנזייטיקער פארשטענדניש איז נישט גענוג קיין „בשותפותדיקע שפראך״ — א צאָל געלויפיקע ווערטער, און זאָל זיין אפילו א גרויסע צאָל ווערטער. א „שותפותדיקע שפראך״ מיינט צו זאָגן — בשותפותדיקע טראדיציע, בשותפותדיקע דערציאונג. איך ווייס נישט צי די מאמעס אין ענגלאנד, אָדער אין דרום־אפריקה, האָבן דאָס מעגלעכקייט צו באהאנדלען די פראגע פון רעקרוטירן זייערע טעכטער, ווי מיר האָבן עס. אָבער ווען זיי וואָלטן זי באהאנדלט, וואָלטן זיי אויך געוועז קעגן דינען צווישן א פרעמד פאָלק; און נישט צוליב דעם געפיל פון פחיתות־הכבוד.

כ׳בין געוועז אן עדות פון א געוויסער פאסירונג. אין שפיטאָל אריין איז געבראכט געוואָרן א גריכישער זעלנער א שווער פאר־ווונדעטער, און זיין צושטאנד איז געוועז א געפערלעכער. ער האָט פארלאנגט צו רעדן מיט א שוועסטער. ער איז א גריך, און דער שפיטאָל — א יידישער. איז ווי געפינט מען א בשותפותדיקע שפראך? און די שפראך האָט זיך געפונען. ער האָט פארשטאנען פראנצויזיש, און אויך איינע א שוועסטער האָט באהערשט די שפראך. ער האָט גערעדט וועגן זאכן זייער אינטימע, זיך פארקלאָגט, דערציילט וועגן זיין היימלאנד, וועגן דעם אז נישט אזוי האָט ער געטראכט צו שטארבן. און זי, די שוועסטער, האָט אים געטרייסט. ער, דער גריך, האָט געוואָלט זיך אראָפּרעדן פון הארצן אויף א פרעמדער שפראך, און כ׳האָב געזען ווי זיי האָבן זיך ביידע געפייניקט. ווי גרויס וואָלט געוועזן זיין גליק, ווען ס׳וואָלט געוועזן אריינקומען א מיידל פון זיין פאָלק. און דעמלט האָב איך געטראכט — אין וואָס פאר א לאגע

געפינען זיך אונדזערע זין, וואָס נישט מיר באַדינען זיי אין דער דאָזיקער מלחמה. און ווי אַנדערש וואָלט געווען אונדזער שטעלונג צו דעם רעקרוטירן מיידלעך, ווען מיר וואָלטן האָבן די זיכערקייט אַז זיי וועלן באַדינען זייערע ברידער.

1942

# אין קרייז פון דער פאַמיליע

דאָס איז פאָרגעקומען אום ווינטער. די רעגנס האָבן אָנגעהויבן גיין מיט א פערשפעטיקונג און מיטאמאָל. א טאָג, צוויי, דריי... און נאָך און נאָך... קליינע טראָפּנס, קאַלטע. א קורצער איבעררייס, און ווידער רעגן. א שווערער ארץ־ישראלדיקער ווינטער, און צוזאמען מיט אים דער שטענדיקער גאסט — די אינפלוענצע. ס'איז קראַנק געוואָרן די גאנצע פאַמיליע. אין שטוב האָט זיך געהערט אַן אומאויפהערלעך הוסטן, און נאָר אונטער דער וואַרעמער פערינע איז געווען א זיכערע אַנטרינונג. קיינער גייט נישט ארויס און קומט נישט אריין.

אין איינעם פון יענע טעג בין איך געבליבן זיצן א שטיקל צייט אָן עפּעס צו טאָן. ס'האָט זיך נישט געגלוסט אָנצינדן פייער, און אין שטוב איז געשטאַנען א טונקלקייט. איידער כ'האָב באַשלאָסן מיט וואָס צו פאַרענדיקן מיין טאָג, האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר, און אָט שטייען פאַר מיר געסט — צוויי אויסטראַלישע זעלנער. פון זייערע מאַנטלען, דורכגעווייקטע פון רעגן, איז אראָפּגערונען וואַסער. כ'בין צוגעגאַנגען דערלאַנגען די האַנט מיינע געסט און האָב זיך דערפרייט צו דערקאָנען אין זיי אונדזער פריינט דזשעק מיט זיין חבר — אָט דער דזשעק, וועלכער האָט געווײַלט עטלעכע טעג ביי

אונדז אין שטוב דעם פארגאנגענעם זומער און געזאָגט אז ער איז א ייד. אמת, ס׳איז שווער געווען אָנצונעמען אים פאר א יידן. ער איז געווען א העלהאָריקער און בלויאויגיקער אויסטראַליער, און א ברייטער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיין פנים. אין זיין פיזיאָ־נאָמיע איז נישט געווען קיין מינדסטער יידישער שטריך, און קיין שום באגריף וועגן יידישע מנהגים האָט ער נישט געהאט. אָבער מיר האָבן מיט צופרידנקייט אָנגענומען זיין יידישקייט און אויך געענדערט זיין נאָמען אויף י ע ק ב.

ערשט האָב איך זיך געפרייט צו זען אים און זיין חבר פּעטער, וואָס זייערע נחלאות אין די אויסטראַלישע סטעפּעס גרענעצן זיך. און איידער מיר האָבן באוויזן זיך אויסצופרעגן איינאנדער אויפן געזונט, האָט מיר דזשעק אויסגעשטרעקט א צעקנייטשטש פּאַפּיר — א בריוו פון זיין טאטן, א העברעאישער בריוו, געשריבן מיט א ציטער־דיקער האנט פון א זקן. דער פּאָטער דאנקט און בענטשט אונדז, פאר דעם וואָס זיין זון האָט געפונען אין דער פרעמד יידן, זין פון זיין פאָלק; ער אליין איז שוין א סך יאָרן אָפּגעריסן פון א יידישער קהילה; און נאָך פרטים זיינען פאראן אין בריוו וועגן דער איינזאמ־קייט אין א פארוואָרפענעם העק אין דער גרויסער אויסטראַליע.

דער גייענדיקער רעגן, די קראנקע אין שטוב און מיין געמיט־צושטאנד האָבן זיך אין דער רגע נישט געפּאסט צום אויפנעמען געסט, אבער... און מיינע ביידע געסט האָבן זיך געאיילט מיר מודיע צו זיין וועגן דעם ציל פון זייער קומען. פון ווייט זיינען זיי געקומען, פון סיריע. ס׳איז שווער געווען די רייזע אין דעם רעגן, ס׳האָט אָבער גובר געווען זייער ווילן „צו פארברענגען דעם קריסמעס אין א דאָרף, אין א פאמיליע־קרייז". כ׳האָב געפּרוווט געבן זיי צו פארשטיין, אז מיר זיינען יידן און פייערן נישט דעם קריסמעס. מיינע רייד זיינען

נישט אָנגענומען געוואָרן: ווי קאָן א דאָרף נישט פייערן דעם דאָזיקן טאָג — האָבן ביידע געטענה׳ט, דער ייד און זיין חבר דער נישט־ייד. איך האָב זיי געראָטן צו גיין אין דער שכנותדיקער קריסטלעכער שטאָט און זיך געפינען צווישן די וואָס פייערן. אָבער מיינע געסט האָבן איבערגעחזר׳ט זייער בקשה כ׳זאָל זיי מעגלעך מאכן צו זיין דעם אָוונט אין א פאמיליע.

כ׳האָב פארשטאנען זייער געמיט. אויב אזוי, פייערן מיר! פון נאָענטן חדר האָט זיך דערהערט דאָס אויסגעצויגענע הוסטן פון די קראנקע. אין שטוב איז קאלט, און אלץ ארום איז אזוי נישט יומטוב־דיק. אָבער ס׳איז קיין ברירה נישטאָ — די שטוב מוז באקומען א יומטובדיק אויסזעען. כ׳האָב אראָפּגעלאָזט די פאָרהאנגען, געמאכט ליכטיקער, איינגעהייצט דעם אויוון, דערוואַרעמט וואסער, און אָט זיצן שוין מיינע געסט, ארומגעוואשענע און דערווארעמטע, ביים טיש. א הון איז געפאלן פאר א קרבן אויפן מזבח פון דעם יומטוב. כ׳האָב צוגעגרייט א שבתדיקע סעודה, און א ווייס טישטעך איז פארשפּרייט אויפן טיש, און אין א סלאָיקל בלומען. און איך מיט מיינע געסט זיינען עס דער פאמיליענקרייז. מ׳האָט פאררייכערט ציגארן, די רויכרינגען הייבן זיך ארויף און פארהילן די פנימער פון די ארומזיצנדיקע. קיין שמועס איז נישט נייטיק, און ס׳איז אויך נישטאָ קיין בשותפותדיקע שפּראך, און יעדער איינער איז פארזונקען אין זיינע מחשבות. ס׳איז אמאָל געזאָגט געוואָרן א וואָרט פון העפלעכקייט וועגן, אָבער אין תוך זיינען די ווערטער איבעריק. מיינע געסט טראכטן אוודאי אין דער רגע וועגן זייער היים, זייער ווייט געבוירנ־לאנד; און אויך איך האָב זיך פארטראָגן אין מיינע מחשבות אין אן אוקראאיניש דאָרף.

אן איינציקע איינזאמע פאמיליע זיינען מיר געווען, ווייט פון

א יעדן ישוב. פון נאָענטן דאָרף האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון די קלויסטער־גלאָקן און געזאַנג אין גאַס. מען קומט ווינטשעווען אויך אונדז, די איינציקע יידישע פאַמיליע. אויך ביי אונדז אין שטוב איז א יומטובדיקע שטימונג, ס׳זיינען דאָ גוטע זאַכן מכבד צו זיין די געסט. אָבער ביי יעדן קלאַפּ אין דער טיר טוט דאָס האַרץ א ביסל א ציטער; און ביינאַכט, ווען דאָס געזאַנג ווערט אַלץ רוישיקער, גייען אַלע שטוביקע אַריין אין איין צימער און מען קאָן נישט איינשלאָפן.

אויף מאָרגן, ווען דער רעגן האָט אויפגעהערט, האָבן זיך מיינע געסט געזעגנט מיט מיר זייער וואַרעם און געדאַנקט וואָס כ׳האָב זיי נישט געשיקט אין שטאָט אַריין, צום דרויסן, וואָס איז שיכור אין דער דאָזיקער נאַכט. זיי האָבן דערגרייכט וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. דזשעק דער ייד און זיין חבר פעטער האָבן געפייערט דעם קריסמעס אין מיין פאַמיליעקרייז.

ווען דאָס געפאַר האָט זיך דערנעענטערט צו די ברעגן פון אויס־טראַליע, איז דזשעקס און פעטערס אָפּטייל אוועק פון די ערשטע צו פאַרטיידיקן זייער געבוירנלאַנד.

היינטיקס יאָר בין איך ערב קריסמעס געקומען אין א מיליטערישן שפּיטאָל אין לאַנד. כ׳בין אַריינגעפאַלן אין א שווערער אָפּטיילונג — מלחמה־פאַרוווּנדעטע, וועלכע געפינען זיך דאָ אויף א לענגערער קוראַציע און זיינען אין זייער מערהייט צוגעבונדן צום בעט. צוויי לאַנגע שורות מיליטערישע בעטן, און אין מיטן צימער דאָס קריסמעס־ביימל — א יאָלקע; א זעלנערין — א מיידל פון עמק — באַפּוצט עס. זיי — די קראַנקע — געבן אָנווייזונגען, וויאַזוי און וואָס; און זי באַ־

הענגט געטריי און פלייסיק מיט לאנד־פּרוכטן און פאַרשיידענע באַצירונגען יעדן צווייג. דאָס איז געווען אַ צוגרייטונג צו אַ טראַ־דיציאָנעלן יומטוב אין שטילקייט און אין טרויער. אַ סך קראַנקע האָבן געבלעטערט די אַלבומען, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז יעדער פון זיי איז ווייט מיט זיין געדאַנק פון דאָזיקן לאַנד און דאָזיקן קראַנקן־באַראַק, און טראָגט זיך אויף די פליגל פון זיין דמיון אַהיים, און פייערט דאָרט דעם יומטוב אין זיין פאַמיליעקרייז.

1944

# אייער הויז וועט נאָך אויפגעבויט ווערן!

און אויך היינט — ביסט פאַרבייגעפאָרן די אַראַבישע דערפער, די טונקעלע ווי דער קאָליר פון זייערע ברוינע ווערלדלעך, האָסט זיך דערווייטערט פון דער גרויער באַר־שבע, און מיטאַמאָל טוט אַ גרינ־אויף אויף דער גרענעץ פון דער מדבר אַ ישוב־פּונקט און באַקומסט דאָס געפיל — האָסט פאַר זיך אַ יידיש דאָרף.

אויך היינט — נישט געקוקט דערויף וואָס דער הויף איז דורכ־אויס ראָוועס, און קיין איין בנין איז נישט גאַנץ געבליבן, און אַלצדינג דאָ אויפן הויף, פון דעם קלענסטן ביזן גרעסטן, איז געלעכערט פון שפּליטערס פון באָמבעס און קוילן.

דער דאָזיקער הויף האָט געדינט פאַר אַ לעבעדיק ווינקל פאַר אַ גרופּע יוגנטלעכע עולים, וועלכע זיינען געקומען לייגן אַ יסוד פאַר אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין נגב. ס׳זיינען אויפ־געבויט געוואָרן וווינהייזער, ס׳זיינען דאָ שיינע לולים מיט זייערע פאָלקאָמע איינריכטונגען, אַ שטאַל איז אויפגעשטעלט געוואָרן, אַ

גרויסער מויער — א ירושה פון די פריערדיקע באלעבאטים — האָט זיך אָנגעזען פון ווייטן.

ס'זיינען פארפלאנצט געוואָרןביימער, פארזייט געוואָרן פעלדער, א גאָרטן האָט געבליט, ס'האָט געשטראָמט וואסער, ס'איז פארפלאנצט געוואָרן א בלום פאר שיינקייט וועגן, ס'האָבן זיך געשפילט קינדער פון די ערשטע געקומענע, ס'האָט געווימלט מיט לעבן.

דער הויף איז חרוב געוואָרן. אָבער אויך ערשט איז פאראן דאָס געפיל אז דאָס לעבן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אין ב י ת - א ש ל.

דאָס אָרט איז א יונגס. פינף יאָר זינט ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן. א שווערער אָנהויב פון איינזאמקייט אין א ים פון וויסטקייט. אויפסניי זיך צופאסן צו די קלימאטישע באדינגונגען. לערנען די אייגנשאפטן פון דעם באָדן.

אויפן דאָזיקן פלאץ איז דער מענטש געוועזן פארטאָן אין געראנגל מיט דער נאטור. ס'איז נאָך גרויס געוועזן די מורא אריבערצוברענגען אהער די יונגע קינדער, און די יונגע מאמעס האָבן געמוזט וואנדערן און ווארטן.

ס'זיינען אריבער א יאָר, צוויי, און ס'איז געקומען די געגארטע רגע פון זיין אלע אינאיינעם, און ערשט דעמלט וועט זיך אָנהויבן דאָס באשטענדיקע לעבן און דאָס אמתע צוגעבונדנקייט צום אָרט. אין סאמע מיטן פון דער בויאונג און די ווירטשאפטלעכע פלענער האָט זיך אָנגעהויבן דער קאמף פאר אונדזער עקזיסטענץ אין לאנד, פאר דער עקזיסטענץ פון דעם נגב.

ווי אויף יעדן קאמפפלאץ איז דאָס אוועקפירן די קינדער געווען איינע פון די שווערסטע פראָבלעמען, און אויפן גורל פון בית-אשל, אן אָפענע קעגן שונא, איז אויסגעפאלן זי זאָל די ערשטע אוועקפירן

די קינדער מיט די מאַמעס פון דעם אָרט, ווו ס׳איז אַ סכנה פאַר זייער לעבן.

נישט לייכט האָבן זיי מסכים געווען: אפשר קאָן מען מאַכן אַנדערש, אפשר לאָזט זיך באַשיצן די קינדער אויפן אָרט? די מאַמעס האָבן נאָך געפּרוּווט זיך קעגנשטעלן, אָבער דאָס בריטישע מיליטער, וואָס איז דעמלט נאָך פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר דער גאַנצקייט פונעם אָרט, האָט אַנטשיידן. אין דעם מאָמענט ווען ס׳איז אָנגעקומען דער מיליטערישער פּאַנצעראַוויטאָ איז נישט געווען קיין צייט זיך צו פאַרטראַכטן. פערצן קינדער אויף די הענט פון זייערע מאַמעס זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אַן אומזיכערן וועג.

דערשלאָגענע, אויסבאַהאַלטנדיק די טרערן, זיינען זיי אָנגעקומען, נישט פאַרטווישנדיק קיין וואָרט צווישן זיך, צו דער ערשטער סטאַציע — תל־אביב, און ערשט דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן — קיין כפר־ויתקין.

כפר־ויתקין איז געווען דאָס אָרט ווו ס׳האָבן זיך צום ערשטן מאָל איינגעוואָרצלט אין לאַנד די מערהייט פון די חברים פון בית־אשל. דאָרט האָבן זיי געפונען זייער נייע היים אָנשטאָט דער טאַטע־מאַמעס הויז וואָס איז צעשטערט געוואָרן, דאָרט האָבן זיי באַקומען זייער לאַנדווירטשאַפטלעכע הכשרה און אויך פאַרגעזעצט דעם גאַנג פון דעם דאָרף — זיינען געגאַנגען בויען דעם ערשטן אַרבעטער־מושב אין נגב.

כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט חברות פון בית־אשל אַ שטיקל צייט נאָכן אַרויספאָרן. איינער פון די הייזער פון דאָרף האָט געדינט פאַר אַ קינדערהיים פאַר די קליינע „פּליטים״, אויפן נאָענטן פּלאַץ האָבן זיי אויפגעשטעלט וווינונגס־צריפים, אַ גרויסער און איינגעאָרדנטער לול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלגעמיינעם עס־זאַל.

דעם גאַנצן אָוונט וואָס מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט האָט זיך

דער שמועס געדרייט ארום זייער ווייטע היים, בית־אשל. מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו זאָרגן וועגן דעם אָרט און די מענטשן וואָס זיינען געבליבן.

לויטן געמיטצושטאַנד פון יענע ערשטע טעג פון אונדזער מלחמה, האָט מען באַטראַכט די מלחמה ווי א פאַרבייגייענדיקע און זייער זיצן „אין דער פרעמד" ווי א צייטווייליקס.

דאָס צייטווייליקייט האָט געדויערט חדשים. ווען ס׳איז ערנסטער געוואָרן די לאַגע אין נגב, איז אויך ערנסטער געוואָרן די לאַגע פון די מענטשן פון בית־אשל, וועלכע זיינען אין משך פון אלע מלחמה־חדשים געבליבן אָפּגעריסן פונעם גאַנצן ישוב. דער בונקער איז געווען דאָס איינציקע שוצאָרט פאַר באָמבאַרדירונג און באַשיסונג פון דער לופט.

אין די דאָזיקע בונקערס זיינען די מענטשן פון בית־אשל געזעסן חדשים, טאָג און נאַכט. אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלן די היפּשסטע פּאָרציע פון יסורים און ליידן. אין משך פון חדשים האָבן זיך די מענטשן נישט געטוישט. זיי זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן, געפאַלן, זייער געזונט האָט זיך געוואַקלט, און נאָר די דאָזיקע גרובנס זיינען שטומע עדות אויף דער העלדישער האַלטונג פון די בויער פון נגב.

די גראָבנס אָטעמען נאָך מיט צייכנס פון לעבן. אָט איז דער אויוון צו באַקן ברויט אונטער דער ערד, דער טיש, ארום וועלכן די מענטשן אין בונקער האָבן געגעסן זייער שטיקל טרוקן ברויט, א שאַפע מיט גלעזער און טעפּעלעך ליידיקע. ס׳וואַלגערט זיך א צייטונג, א פאַר־געסענער בריוו.

די דאָזיקע האַלטונג פון די מענטשן פון בית־אשל פאָדערט א המשך. נישט אומזיסט איז דאָס בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, נישט אומזיסט

איז אריינגעלייגט געוואָרן דער כוח, דאָס אָרט פאָדערט, די מענטשן זאָלן זיך צוריק קערן, כדי אויפצושטעלן דעם פּונקט אויפסניי.

א סך איז אָפּהענגיק פון אייך, חברות פון בית־אשל!

איר האָט געקאָנט איבערטראָגן מיט געדולד די הכשרה־יאָרן אין שימרון. איר האָט געקאָנט איבערטראָגן אייער איינזאמקייט ביז איר זיינט געקומען מיט די קינדער קיין בית־אשל, און דערנאָך ווען מ׳האָט אייך פון דאָרט ארויסגעפירט האָט זיך נאָכנישט אויסגעלאָזט אייער מוט. מיט אייערע יונגע כוחות וועט איר נאָך בויען אייער היים פונסניי!

1948